# אינהאלט



## מנהיגים



## קעמפער



## דענקער און דיכטער

*

דעם סעקרעטאַר פון רעדאַקציע „אונזער וועלט“, משה מלמד — פאַר די קאָרעקטורן;

דעם קצין־נציבות בית״ר בגרמניה, חיים קונביץ — פאַר דער צייכענונג פון דער הילע;

דעם מעטראָמפּאַזש ישראל האַרצשטאַרק, די זעצערס יעקב גאָלדשטיין און רבקה קירשנבלאַט, דעם ווירטשאַפטס־לייטער פון „אונזער וועלט“, ליפּע אבסטלער און דעם אַדמיניסטראַטאָר שאול גרישקאַן — פאַר די טעכנישע צוגרייטונגען צום דרוק —

זיי אַלעמען מיין האַרציקסטן דאַנק און אָנערקענונג.

מ. ה.

„החבור הזה לא חברתיו ללמד לבני=
האדם את אשר לא ידעו, אלא להזכירם
את הידוע להם כבר ומפורסם אצלם
פרסום גדול. אלא שכפי רוב פרסומם
וכנגד מה שאמתם גלויה לכל — כך
ההעלם מהם מצוי מאד והשכחה
מרובה“

(רבי משה=חיים לוצטו — רמח“ל —
אין „מסילת=ישרים“)

# פ אָ ר וו אָ ר ט

די דאָזיקע שורות באַצוועקן נישט צו אַנטדעקן קיין נייס, וואָס די מענטשן ווייסן נישט. זיי באַצוועקן בלויז צו דערמאָנען דאָס באַקאַנטע, וואָס ווערט אַזוי אָפט פאַרגעסן.

די דאָזיקע שורות דערזעען די שיין פון דער זון אַ יאָר נאָך דער אַנטשטייאונג פון דער מדינת=ישראל. זיי באַצוועקן צו דערמאָנען צען פאַרשטאָרבענע יידישע וועגווייזער, וואָס האָבן נישט זוכה געווען צו זען מיט זייערע אויגן דעם טרוים פון שיבת=ציון און די וויזיע פון מלכות=ישראל אין דעם אָנהויב פון זייער פאַרווירקלעכונג.

די דאָזיקע שורות נעמען אַרום דעם „ברזל“ (קעמפער), דעם „מלך“ (מנהיגים) און דעם „צחוק“ (ליטעראַטור) — די דריי וויכטיקע מאָמענטן, לויט זשאַבאָטינסקיס דעפיניציע אין „שמשון“.

די דאָזיקע שורות באַהאַנדלען הויפּטזעכלעך נאָר די נאַציאָנאַלע מאָטיוון אין דער שאַפונג פון די צען וועגווייזער, וועלכע טיילן זיך אויף פיר גרופּן: איין געשטאַלט פון דער מיטלאַלטערלעכער „גאָלדענער עפּאָכע“ אין דער העברעאישער ליטעראַטור (רמב“ם); פיר געשטאַלטן פון דער נאַציאָנאַלער דערוואַכונגס=עפּאָכע — איינער פון „חיבת=ציון“ (פּינסקער) און די דריי פּאָטערס פון פּאָליטישן ציוניזם (הערצל, נאָרדאַו און זשאַבאָטינסקי); צוויי קעמפערישע געשטאַלטן — אַ פרוי (שרה אהרונסון) און אַ מאַן (טרומפּלדור); איין דענקער (אחד=העם) און צוויי דיכטער (ביאַליק און טשערניכאָווסקי). דער סדר פון די געבראַכטע געשטאַלטן אין יעדער אָפּטיילונג איז לויט דער דאַטע פון טויט. זשאַבאָטינסקי — וואָס איז געווען סיי אַ מנהיג, סיי אַ קעמפער, סיי אַ דענקער

און הן אַ דיכטער — ווערט געבראַכט אין דער אָפּטיילונג פֿון די מנהיגים, ווייל אַלס אַזאַ האָט ער פֿאַרענדיקט זיין לעבן. די אָפּהאַנדלונג וועגן שרה אהרונסון נעמט אויך אַרום די תקופה פֿון איר לעבן, כדי אויפֿצוקלערן איר ווערט אויך נעמענדיק אין באַטראַכט די באַדינגונגען פֿון איר שאַפֿן. די אָפּהאַנדלונג וועגן טשערניכאָווסקי באַמיט זיך צו נעמען אין אַכט הויפּטזעכלעד די מאָטיוון פֿון גבורה אין זיין דיכטונג.

די דאָזיקע שורות באַצוועקן צו באַווייזן די נאַציאָנאַלע וויכטיקייט פֿון בוך און שווערד, וויבן זיי קומען צוזאַמען — „הספר והסיף ירדו כרוכים". דערפֿאַר באַהאַנדלען זיי די וועגווייזער אויף די צוויי פֿאַרשיידענע געביטן — אַזוינע וועגווייזער וואָס סימבאָליזירן נאָך דעם „ספר", און אַזוינע וועגווייזער וואָס סימבאָליזירן נאָך דעם „סיף", און אַזוינע, וואָס סימבאָליזירן די סינטעזע פֿון ביידן צוזאַמען פֿאַר אונזער נאַציאָנאַלן קיום. מיט דער באַלאַדע „שלשה כתרים" פֿון טשערניכאָווסקי — וואָס שילדערט די גבורה פֿון „סיף", די תורה פֿון „ספר", און ווינשט זיך צו זען די שיינקייט פֿון דיזער סינטעזע פֿון ביידן ווי זי ווערט פֿאַרקערפּערט אין איין פּערזאָן — שליסן זיך די דאָזיקע שורות.

די דאָזיקע שורות, טראָץ דעם וואָס זיי באַהאַנדלען בלויז דעם נאַציאָנאַלן מאָמענט אין דעם לעבנס-ווערק פֿון די צען פּערזענלעכקייטן, שעפּן אָבער ווייט נישט אוים אַפֿילו דעם דאָזיקן מאָמענט. אין די ספּעציפֿישע באַדינגונגען פֿון גלות-דייטשלאַנד, וו די נויטיקע ווערק זיינען נישט בנמצא, מוז מען גאַנץ אָפֿט שרייבן און ציטירן אויפֿן גרונד פֿון זכרון. ספּעציעל איז דאָ שווער צו געפֿינען דעם נויטיקן מאַטעריאַל, וואָס איז נוגע די דענקער און דיכטער.

די דאָזיקע שורות באַצוועקן צו דינען ווי אַן אַריינפֿיר צו די צען וועגווייזער. זיי גיבן בלויז אַן אַלגעמיינעם איבערבליק איבער גלאָרייכע יידן — כדי דער דערוואַקסענער דור זאָל זיך דערמאָנען אין דעם וואָס ער האָט געוווסט און פֿאַרגעסן און כדי דער יונגער דור זאָל פֿאָרזעצן צו שטודירן די אַלע צען וועגווייזער און יעדן איינעם פֿון זיי באַזונדער.

---

„ליכא מידי דלא רמיזא באוריתא“
(תענית ט׳)

# רמב״ם

דער גורל פון אַ רעוואָלוציאָנער איז געווען זיין גורל.

אַ קליינע צאָל פאַרערער קיגן אַ קעגנערישער מאַסע — ביים אָנפאַנג; אַלע זייגען באַגייסטערט פון אים — פיל יאָרן שפּעטער, די חכמי־לוניל און אבן־תבון — פאַרערער; די חכמי־פּרובנץ און דער בעל „השגות“ — קעגנער. „בחייכון וביומיכון ובחיי רבנו משה בן מימון“ — זאָגן מקצת קהילות אין „קדיש“; פאַרפאָלגונגען און רדיפות — מצד אַנדערע.

אַזוי ביים לעבן און אַזוי נאָכן טויט.

„ממשה (רבנו) עד משה (בן מימון) לא קם כמשה“ — גלויבן די פאַרערער; „ימח שמו וזכרו ונמח זכרו מלהזכירו“ — שרייבן אויפן קבר די קעגנער.

און מיטאַמאָל, זע — אָט אַן ענדערונג! זע — אָט די נעכטיקע „מתנגדים“ זיינען די היינטיקע „חסידים“; זע — אָט קלאַפּן זיך די קעגנער „על חטא“, פאַרנדיק איבער שטעמפּלען; זע — אָט פאַרוועגן זיי גלות; זע — אָט זאָגן זיי: „משה אמת ותורתו אמת, רק אנחנו הבדאים“; זע — אָט שניידן זיי זיך אַליין אַראָפּ זייער צונג, ווייל די צונג — וועלכע האָט געטאַדלט דעם רמב״ם — מוז געשניטן ווערן; זע — אָט זייגען אַלע געקומען צום אמת; זע — אָט מיט אַמאָל „כלהון מתעטרין בנשמתין חדתין“; זע — אָט יעדער ייד באַנוצט זיך אויף יעדן טריט און שריט מיט אים און מיט אים, מיטן רמב״ם!

* * *

פאַרוואָס איז געווען זיין גורל אַזאַ, אַ גורל אַזאַ ענלעכער צו דעם פון פיל רעוואָלוציאָנערן פריער פון אים און שפּעטער פון אים, פון דאַן אָן און ביז היינט און ביז אייביק און אייביקייטן?

— ווייל זיין צוגאַנג צום אַרט פאַרשפּרייטן די תורה איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערער.

ביז אים איז די תורה געווען אַ קנין פון יחידי־סגולה; דער רמב״ם קומט און מאַכט איר צוטריטלעך אויך פאַר די ברייטע מאַסן. אַזוי ווי ר׳ יהודה הנשיא האָט צוזאַמענגעשטעלט די הלכות התלמוד; אַזוי ווי ר׳ יצחק אלפסי האָט געמאַכט אַ קצור פון תלמוד אין זיין ספר „הלכות“; אַזוי ווי רש״י און די בעלי התוספות האָבן דערקלערט די סתרי־תורה און די רזין דרזין — אַזוי איז געקומען דער רמב״ם מיט זיין ספר „משנה תורה“ (אָדער „יד החזקה“) פון 14 חלקים.

אין זיין הקדמה צום ספר שרייבט ער, אַז דאָס בוך ווערט פאַרפאַסט אין דער צוטריטלעכער שפּראַך פאַר די ברייטע מאַסן. דאָס בוך דאַרף אַנטהאַלטן אַלע פּסקי־הלכות פון תלמוד (נישט איבערגעבנדיק די פּלוגתות), כדי

„אַ מענטש זאָל קענען לייענען פריער די תורה שבכתב און שפּעטער דאָס בוך און ער קען די גאַנצע תורה“.

מען האָט געמיינט, אַז דער רמב"ם וויל מבטל מאַכן דעם תלמוד. זיינע גוטע כוונות האָט מען נישט פאַרשטאַנען.

— **ווייל זיין צוגאַנג צו דער יידישער אמונה איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערער.**

די יידישע אמונה ביז דעם רמב"ם איז געווען געבויט אויפן הייסן געפיל; און דער רמב"ם האָט איר געוואָלט באַזירן אויפן קאַלטן שכל. אמת, פאַר אים זיינען געווען צוויי, וועלכע האָבן פּרובירט באַגרינדן דעם יידישן גלויבן אויף די יסודות פון לאָגיק. אָבער אויב דער ערשטער, רב סעדיה גאון, אין זיין „אמונות והדעות“ באַנוצט זיך נישט מיט אַלגעמיינער וויסנשאַפט; אויב דער צווייטער, ר' יהודה הלוי, אין זיין „הכוזרי“ בלייבט דאָך אַלס סימבאָל פון געפיל — בלייבט דער רמב"ם נישט, ווי רבנו בחיי הדיין אלס פריערדיקער פאַר „חובת הלבבות“, נאָר אַלס דער באַגרינדער פון „י"ג מלות־ההגיון“. זיין „מורה נבוכים“ איז אַ סימבאָל פון אייזערנער לאָגיק. נישט פאַר אויסגעשפּראָכענע פרייידענקער און נישט פאַר פולשטענדיקע יראים ושלמים איז פאַרפאַסט דער „מורה נבוכים“, נאָר פאַר די, וועלכע האָבן געגלויבט און ווילן גלויבן אויך אויף ווייטער, אָבער זיי האָבן דאָך געוויסע ספקות אין „גזרת עירין ומאמר קדישין“ — פאַר זיי קומט דיזער „מורה נבוכים“, כדי זיי אַרויסצונעמען פון פאַרצווייפלונג און כדי זיי צוריק אַרויפצופירן אויפן קעניגלעכן וועג פון דער אמונה צרופה. זייענדיק באַאיינפלוסט פון דער פילאָזאָפיע פון גריכישן אַרעסטאַ — בויגט ער איר צום יידישן גלויבן. די אמתע רעליגיע און די אמתע לאָגיק שטייען נישט אין קעגנזאַץ איינע צו דער צווייטער, נאָר זיי אונטערשטיצן זיך קעגנזייטיק, ווייל ביידע שטרעבן זיי פאַרן וווּל פון מענטש, פאַר זיין גייסט און קערפּער. און דו, מענטש, האָסט די בחירה, ווייל דו ביסט דער בעל־הבית איבער זיך אַליין. דיין טעאיזם און אַטעאיזם זייַנען אָפּהענגיק נאָר פון דיר — קומט דער רמב"ם צום אויספיר אין „שמונה פרקים“, דערקלערנדיק אויספירלעך און אַנאַליזירנדיק גרינדלעך דעם „הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים“.

— **ווייל זיין צוגאַנג צו קלאָרקייט איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערער.**

די אויספירלעכקייט און גרינדלעכקייט ברענגען דעם רמב"ם צו אַ סיסטעמאַטישער פאַרשונג, וועלכע ברענגט צו אַ קלאָרער פאָרמולירונג פון די עקרי־היהדות. אמת, אויך פאַר אים האָט מען פּרובירט פאָרמולירן די עקרים (איינער האָט זיי געוואָלט שטעלן אויף דריי, אַ צווייטער אויף פיל מער), אָבער דאָך איז געבליבן אין פאָלקס־זכרון דער רמב"ם מיט זיינע 13 עקרים, וועלכע ווערן פאָרמולירט אין „ספר המדע“ (דער ערשטער טייל פון „משנה תורה“) און וועלכע ווערן יעדן טאָג ווידערהאָלט דורך די מאמינים ביים דאווענען (די 13 „אני מאמינ"ס). אחד־העם אין זיין גרויסן אַרטיקל וועגן רמב"ם „שלטון השכל“ („על פרשת דרכים“, פערטער באַנד) שטעלט זיך אָפּ אויף די 13 עקרים פון רמב"ם. ער באַוואונדערט די אייזערנע לאָגיק פון 11 עקרים. אָבער ער וואונדערט זיך, ווי אַזוי קומט דער גענიאַלער לאָגישער רמב"ם אַריינצונעמען אין די עקרים צוויי פּרינציפּן, וועלכע זיינען (לויט דער מיינונג פון אחד־העם) נישט לאָגיש — דער גלויבן אין משיח און אין תחית־המתים. און דאָ קומט אחד־העם צום אויספיר, אַז דעם רמב"ם איז געווען טייער די פאָלקס־עקזיסטענץ — דאָס פאָלק קען עקזיסטירן אין גלות און דורכלעבן אַלע איבערלעבענישן, גלויבנדיק אין אַן אָנגענומענער צוקונפטיקער וועלט, וועלכע וועט ענדלעך קומען. די טרייקייט פון רמב"ם צו זיין פאָלק האָט אים באַוויזן, לויט אחד־העם, אויך מותר צו זיין אין צוויי פונקטן אויף די גרונד־פּרינציפּן פון דער אייזערנער לאָגיק.

— **ווייל זיין צוגאַנג צו**

**פאַרשיידענע גרופּן אין יידנטום איז געווען אַ ריוואָלוציאָנערער.**

די טרייקייט צום פאָלק פאָדערט זיין גאַנצקייט. און דערפאַר מוז זיין אַ ברידערלעכע נאָכגעבונג צום אייגענעם ברודער — צום אַלטן, וועלכער האָט זיך דערווייטערט, און צום נייעם, וועלכער איז נאָך נישט דערנענטערט געוואָרן.

די קאַראַאימער, וועלכע האָבן געגלויבט נאָר אין דער תורה שבכתב, זיינען פאַרפאָלגט געוואָרן דורכן יידנטום און זייניג פירער; דער רמב"ם קומט און זאָגט, אַז „מען דאַרף זיך באַציען מיט אַכטונג צו די קאַראַאימער, מען דאַרף זיך דערנענטערן צו זיי און מען דאַרף זיך באַגיין מיט זיי מיט ליבע און פאַרשטענדעניש" — ווייל די קאַראַאימער זיינען דאָך אַן אַלטער צווייג פון אונזער פאָלק.

די גרים, וועלכע זיינען געווען „שוואַר פאַרן יידנטום, ווי קרעץ", זיינען דורכן רמב"ם אויפגענומען געוואָרן מיט וואַרעמער ליבשאַפט און האַרציקער ברידערלעכקייט. אויך דער גר מעג זאָגן „אלקי אבותינו", ווייל ער איז באַרעכטיקט צו זען אין יידישן גאָט דעם גאָט פון זיינע עלטערן; אויך ער איז באַרעכטיקט צו זאָגן „אלקי אברהם, אלקי יצחק ואלקי יעקב", ווייל אונזערע אבות זיינען אויך זיינע גייסטיקע עלטערן — זאָגט דער רמב"ם אין די „אגרות" — ווייל די גרים זיינען דאָך אַ נייער צווייג אין אונזער פאָלק.

**— ווייל זיין צוגאַנג צום קעגנער איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערער.**

די אָפּאָזיציע, וועלכע ווערט געשאַפן קעגן יעדן רעוואָלוציאָנערן געדאַנק, האָט אים נאָר נישט אינטערעסירט. אין זיינע בריוו צו זיינע פאַרערער בעט ער זיי זיך נישט אָנצונעמען זיין עוולה. ער איז געווען שטענדיק באַשיידן, שטענדיק ערלעך. ער איז געקומען אַרויספירן די „יפיפיותו של יפת באהלי שם", און האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס מוז אַרויסרופן ביים אָנפאַנג אַן ערלעכע קעגנערשאַפט מצד ערלעכע פאַנאַטיקער. ער, דער טרייער תלמיד פון ארעסטא, האָט נישט אין אַלץ געקאָנט מסכים זיין מיט זיין גרויסן לערער. ארעסטא מיינט אין זיין „עטיק-בוך", אַז דער זינדיקער קאָן נישט ווערן אַ פולקאָמער צדיק; און דער רמב"ם גלויבט, אין זיין „שמונה פרקים", אַז יעדער מענטש האָט די בחירה און קאָן זיך ענדערן אויך צום גוטן — ווען ער וויל קען ער ווערן אויך אַ צדיק גמור, ווייל די שערי-תשובה זיינען שטענדיק אָפן. און דערפאַר האָט ער געגלויבט, אַז אויך זיינע קעגנער וועלן ענדלעך קומען צו זיין אמת און וועלן נאָך, האָפנטלעך, טרינקען לעבעדיקן וואַסער פון דעם לעבנס-קוואַל, אין וועלכן זיי שפּייען איצט. און דערפאַר — אַכטונג צום קעגנער! און דערפאַר — טאָלעראַנץ! זיין באַציאונג צום קאַראַאימער, זיין צוגאַנג צום גר, זיין באַציאונג צום מענטש, זיין פאַרשטענדעניש פאַרן קעגנער — אַלץ קומט פון זיין ליבשאַפט צו יעדן זון פון זיין ליבן פאָלק.

**— ווייל זיין צוגאַנג צום יידישן משפּט איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערער.**

ערלעכקייט און עמיק ביזן העכסטן גראַד דאַרף פאַרמאָגן דער יידישער דיין. די „הלכות סנהדרין" פון „משנה תורה" וואָרענען די פּרנסים, וועלכע וועלן שטעלן אַלס דיין אַ מענטש, וואָס איז נישט ראוי דערצו. אין „הלכות מלכים" פון „משנה תורה" ווערט אויסגערעכנט אַ לאַנגע ליסטע פון מענטשן, וועלכע טאָרן אין סנהדרין נישט זיצן. אַ דיין דאַרף זיך דערווייטערן נישט נאָר פון סוביעקטיוויטעט, נישט נאָר פון שוחד, נאָר אויך פון קלענסטן אבק שוחד — ווייזט דער רמב"ם אַלס פועל יוצא פון אַ ביישפּיל מיט אַ דיין, און זיין ערד-באַאַרבעטער, וועלכער האָט געוואָלט שטיין ביי אים פאַרן דין מיט אַ צווייטן („הלכות סנהדרין"). דאָס איז דער מהות פון דער יידישער פאָלקס-מענטאַליטעט, וועלכער שפּיגלט זיך אָפּ אין זיין „משפּט".

**— ווייל זיין צוגאַנג צום געזונטהייטס-פּראָבלעם איז**

געווען, אַ רעוואָלוציאָנערער.

אויב ביז אים איז דאָס יידנטום געווען פאַרטאָן נאָר אין גייסטיקע למודים — קומט דער רמב"ם און זאָגט: „אַזוי לאַנג ווי אַ מענטש מאַכט גימנאַסטיק און אַרבעט שווער און איז נישט איבערזאַט און זיינע קישקעס זיינען לויז — וועט ער קיין קראַנקייט נישט וויסן און זיין כוח וועט געשטאַרקט ווערן; אָבער ווער עס זיצט רואיק און מאַכט נישט קיין גימנאַסטיק, אָדער וועמענס קישקעס זיינען שטייף, ווען ער עסט אַפילו זייער גוט און היט זיין געזונט — וועט ער שטענדיק ליידן און אָפּגעשוואַכט ווערן". דאָס פאָלק דאַרף געאיבט ווערן אויך פיזיש.

— **ווייל זיין צוגאַנג צו דער פסיכאָלאָגישער דערציאונג איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערער.**

אומנאָרמאַל איז דאָס פאָלק אין גלות; נאָרמאַליזירן קאָן מען אים זיך באַנוצנדיק מיט ראַדיקאַלע מיטלען. אין „שמונה פרקים" ברענגט דער רמב"ם פיל ביישפילן ווי אַזוי דאָס צו טאָן, און איינער לויטעט: דעם פחדן מוז מען צווינגען צו טאָן נאָר העלדישע טאַטן — במילא וועט ער ווערן אַ נאָרמאַלער מענטש. יאָ, די נאָרמאַלע מענטשן וועלן שאַפן דעם נאָרמאַלן פאָלק, אַזוי ווי ער איז אַמאָל געווען אין ארץ־ישראל.

— **ווייל זיין צוגאַנג צום פאָלקס־שיקזאַל איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערער.**

דער גאַנצער לעבנס־ווערק פון רמב"ם איז געווען געווידמעט פאַרן גונסט פון פאָלק. ער, דער ברויזנדער רעוואָלוציאָנער, האָט געמאַכט די פולקאָמע רעוואָלוציע אין יידנטום צוליב דעם ציל — אויסהאַלטן דיזן גלות־יאָך און זיך צוגרייטן צו דער באַפרייאונג.

אויסהאַלטן דעם „גלות־יאָך" און טריי בלייבן דעם פאָלק — פאָדערט ער אין זיין „אגרת־תימן", וועלכע ער האָט געשריבן צו די יידן אין אַראַביען אין די פינצטערע טעג פון זייעריץ ליידן פון רדיפות און גזירות.

„זיך צוגרייטן צו דער באַפרייאונג" — ווי אַזוי? — לערנענדיק די סיבות פון אונזער חורבן. „און דאָס איז די סיבה — שרייבט ער — וועלכע האָט חרוב געמאַכט אונזער לאַנד און אונזער בית־המקדש, ווייל אונזערע עלטערן האָבן נישט געלערנט האַלטן געווער". און דער יידישער זעלנער — לויטן רמב"ם — טאָר נישט קלערן אויפן פראָנט נישט וועגן זיך און נישט וועגן זיין פאַמיליע, נאָר דער זיג מוז זיין פאַר זיינע אויגן, אַנדערש איז ער מסכן די גאַנצע יידישע אַרמיי. אַזוי ווי דער רמב"ם איז גענאָדיק צום יידישן קעגנער — אַזוי איז ער אויך אכזריותדיק צום פרעמדן שונא.

און ווען מעג מען אַרויסגיין אויף אַ מלחמה? — אין „הלכות מלכים" פון „משנה תורה" זאָגט דער רמב"ם, אַז אַ יידישער מלך האָט רעכט צו דערקלערן אַ מלחמת־חובה (צו דעראָבערן טיילן פון ארץ־ישראל, וועלכע געהערן אונז לויט דער תורה) אויך נישט פרעגנדיק דעם סנהדרין, און דער סנהדרין איז באַרעכטיקט צו יעדער צייט צו דערקלערן אויך אַ מלחמת־רשות — להרחיב גבול ישראל (צו פאַרברייטערן די גרענעצן פון דער יידישער מדינה אויך אויף שטחים, וועלכע זיינען מחוץ די גבולות־ההבטחה פון דער תורה). דעם רמב"ם'ס האַרץ האָט שטענדיק געגלויבט אין צוקונפטיקן גרויסן יידנשטאַט מיט דעם יידישן מלך פון זרע בית דוד.

— **ווייל די אַלע רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען זיינען איינהייטלעך און פאַרבינדלעך** —

ווייל אויב די יידישע תורה וועט זיין צוטריטלעך פאַר די מאַסן; אויב די יידישע אמונה וועט זיין לאָגיש פאַרשטענדלעך; אויב די עקרי־היהדות וועלן זיין קלאָר פאָרמולירט; אויב אַלע גרופּן וועלן בלייבן אינטעגראַליץ טיילן פון פאָלק; אויב דער ברידערלעכער קעגנער וועט נישט אויסגעטייטשט ווערן ווי אַ פיינט; אויב דער יידישער משפט וועט זיין מאָראַליש אויסגעהאַלטן; אויב דאָס פאָלק וועט זיין פיזיש געזונט; אויב ער

ווערט זיין גייסטיק נאָרמאַל — דאַן וועט ער אויסהאַלטן דעם גלות־יאָך אין אַלע גלות־יאָרן, דאַן וועט ער קעמפן קעגן גויישן שונא אויפן פראָנט, דאַן וועלן פאַרברייטערט ווערן די גרעניצן פון ארץ־ישראל, דאַן וועט קומען דער זיג, דאַן וועט זיין די באַפרייאונג, דאַן וועט קומען די גאולת־ישראל, דאַן וועט זיין די מלכות־ישראל, און בן דוד — אָט שטייט ער אין איר שפּיץ.

* * *

גרויס אין תורה, אין פּוסקים, אין יורים־פרודענץ, אין לאָגיק, אין פּסיכאָלאָגיע, אין פאָרשונג, אין וויסנשאַפט, אין פילאָזאָפיע, אין מעדיצין, אין מענטשלעכקייט, ועל כולם — גרויס אין נאַציאָנאַליזם איז ער געווען. „ער“ — דער גרויסער רעוואָלוציאָנער. „ער“ — רבנו משה בן מימון (רמב"ם).

געבוירן אין דער שפּאַנישער קאָרדאָווא, אַרויסגעטריבן פון שפּאַניע מיט זיין פאָטער (דער דיין ר' מימון) אין די טעג פון 11־טן יאָרהונדערט, געקומען אין עגיפּטן און געוואָרן דאָקטאָר פון עגיפּטישן סולטאַן (צאַלעדין), באַשעפטיקט אַלס מעדיקער בייטאָג, שטענדיק פיל מענטשן וואַרטן אים אָפּ אין דער היים מיט שאלות ותשובות (זע זיין בריוו צו אבן־תבון) — אַ שווערער לעבן פול מיט איבערקערענישן און קפּיצות, פול מיט פאַרביטערונג און ווייט פון באַפרידיקונג, ווי דאָס לעבן פון יעדן רעוואָלוציאָנער. און דאַך אַזוי פיל געשאַפן און געלייסטעט — ווייל ער איז געווען אַ גענויאַלער רעוואָלוציאָנער.

אין עלטער פון קרוב 70 יאָר שטאַרבט דער רמב"ם (ד' תתקס"ה). פיל לעגענדעס ווערן געשאַפן אַרום דעם מאַן, וועמענס ביינער עס רוען אין טבריה.

און מיר קוקן זיך אַרום — „פוק חזי מאי עמא דבר!“. דעם גורל פון אַ רעוואָלוציאָנערן געדאַנק זעען מיר: צוערשט — האַס און כעס, צום סוף — זיג און ליבע. אַזוי איז געווען דער גורל פון די נביאים. אַזוי איז געווען דער גורל פון רמב"ם. דער גורל פון יעדן רעוואָלוציאָנער, וועלכער ווערט נישט פאַרשטאַנען צוליב זיינע נייע אידייען, ווייל דאָס פאָלק איז צוגעוווינט צום אַלטן. דאָס איז דער גורל פון יעדן אייניצם, וועלכער פאָדערט רעוויזיעס אין דער פאַרגאַנגענהייט, וועלכער צעשטערט אַלטע ווערטן און בויט נייע ווערטן.

אָבער דער אמת ווערט נישט געאורטיילט לויט האַס און ליבע פון המון, נאָר לויט זיך אַליין, לויטן אמת פון דער געשיכטע. און פאַר דער געשיכטע איז דער נאַציאָנאַלער רעוואָלוציאָנער פון ערשטן מאָמענט אַן בבחינת „משה אמת ותורתו אמת“.

* * *

דער גורל פון אַ רעוואָלוציאָנער איז געווען זיין גורל.

אַ קליינינץ צאָל פאַרערער קעגן אַ קעגנערישער מאַסע. — —

אַזוי אין לעבן און אַזוי נאָכן טויט. — —

און מיט אַמאָל, זע — אַן ענדערונג! — —

זע — אָט קלאַפּן זיך די קעגנער „על חטא“! — —

זע — אַט זיינען אַלע געקומען צום אמת! — — —

# מנהיגים

„ווען עס וועט אַמאָל אויפשטיין די ייִדישע מדינה וועט אַלץ אויסזען אַזוי קלאָר און פאַרשטענדלעך. דאָך וועט זיך אפשר געפינען אַן ערלעכער היסטאָרי־קער, וועלכער וועט פאַרשטיין, אַז דאָך איז דאָ עפּעס געווען, ווען אַן אָרעמער זשורנאַליסט — — האָט פאַרוואַנדלט אַ שמאַטע אין אַ פאָן און אַ נידעריקע מאַסע אין אַ פאָלק, וועלכער באַשיצט שטאָלץ די פאָן“.

(הערצל, טאָג־ביכער, 1901)

„אשרי האיש, אשר לא הלך בעצת־רשעים ובדרך־חטאים לא עמד ובמושב־לצים לא ישב"

(תהלים א', א')

# יהודה־לייב פּינסקער

„יש קונה עולמו בשעה אחת". ס'פּאַסירט אַז אַ מענטש דערווערבט זיך זיין וועלט אין איין שעה — האָבן געזאָגט אונזערע חכמים. לגבי פּינסקער קענען מיר זאָגן: „יש קונה עולמו בחוברת אחת". ס'פּאַסירט, אַז אַ מענטש דערווערבט זיך זיין וועלט מיט איין בראָשור.

פֿרעגט טאַקע פּראָפֿ. קלויזנער: וואָס וואָלט געווען, ווען פּינסקער שטאַרבט אין עלטער פֿון זעכציק יאָר, פֿריער ווי ער האָט פֿאַרפֿאַסט זיין „אויטאָעמאַנסיפּאַציע"? און קלויזנער ענטפֿערט: העכסטנס וואָלט דאַן געווען אַ נאָטיץ פֿון אייניקע שורות אין אייניקע צייטונגען, און קיינער וואָלט זיין נאָמען מער נישט געהערט.

האָט אָבער פּינסקער געהאַט דעם מזל, וואָס אין עלטער פֿון זעכציק יאָר פֿאַרפֿאַסט ער זיין בראָשור, און גייט אַריין אין דער געשיכטע.

אָבער נישט שטענדיק גייט מען אַריין אין דער געשיכטע אַפֿילו שרייבנדיק אַ געשיכטלעכע בראָשור. מען דאַרף אויך האָבן דעם מזל, ווען צו שרייבן די בראָשור. און פּינסקער האָט דעם מזל געהאַט.

פֿאַרשיידענע פֿאַרבאַנדן פֿון ציון־טרוימער זיינען דאַן געווען אין רוסלאַנד; פֿאַרשיידענע קאָלאָניעס פֿון די ערשטע קאָלאָניזאַטאָרן זיינען דאַן געווען אין א"י. נישט קאָנצענטרירט זיינען געווען די פֿאַרבאַנדן, נישט קאָנצענטרירט זיינען געווען די קאָלאָניזאַטאָרן — קיין צענטראַלע איז נישט געווען, אָדער ריכטיקער געזאָגט: עס זיינען געווען מערערע צענטראַלעם — יעדער פֿאַרבאַנד איז געווען אַ צענטראַלע, יעדע קאָלאָניע — אַ צענטראַלע פֿאַר זיך.

און קיין דערפֿאַרונג האָבן נישט געהאַט, נישט די פֿאַרבאַנדן און נישט די קאָלאָניעס. און קיין מנהיג איז נישט געווען, נישט פֿאַר די און נישט פֿאַר יענע. און אַלע האָבן געבענקט נאָך איינעם, וועלכער זאָל קענען שטיין אין דער שפּיץ פֿון זיי אַלעמען, זיי קאָנצענטרירן און זיי אַרומנעמען אין איין גרויסער אָרגאַניזאַציע מיט איין גרויסן ציל און מיט איין גרויסן רעגולאַמין.

און מיט אַמאָל — דאָס יאָר 1882 מיט דער בראָשור פֿון אַ רוסישן ייד מיטן נאָמען ד"ר לעאָן פּינסקער — די בראָשור „אויטאָעמאַנסיפּאַציע".

* * *

אַ ייד געבוירן אין גאַליציע ביי זיין פֿאָטער, שמחה פּינסקער, אַ פֿאָרשער פֿון יהדות און יידישער געשיכטע, אַליין אַ לערער פֿאַר העברעאיש. דער זון ענדיקט יורי און מעדיצין אין אָדעסער אוניווערסיטעט. אַ בחור. וועמען די דאָקטוירים האָבן פֿאַרבאָטן צו הייראַטן, אַ שרייבער אין יידישע צייטונגען אין דער רוסישער שפּראַך, שטרעבט צו אַסימילאַציע א.אַז.וו.

פּאָגראָמען אין אָדעס אויף די יידן אין 1871. צען יאָר ווערט פּינסקער אַנטשוויגן. אין 1881 אַ צווייטן מאָל פּאָגראָמען אין דרום־רוסלאַנד. פּינסקער באַגעגנט זיך מיט ד"ר יעלינעק אין ווין און אַנטוויקלט פֿאַר אים זיין נייעם געדאַנק. יעלינעק באַטראַכט פּינסקערן פֿאַר אַן אומנאָרמאַלן, אַזוי ווי שיף האָט באַטראַכט הערצלען. די דיסקוסיע

צווישן פּינסקער=יעלינעק גייט אויך שפּעטער אָן אין דער פּרעסע.

אין 1882 דערשיינט פּינסקערס בראָשור „אויטאָעמאַנסיפּאַציע“.

פּינסקער שילדערט די לאַגע פון פאָלק צווישן די גוים. די יידן זיינען אַ פרעמדער עלעמענט צווישן די פעלקער. די גוים באַטראַכטן אונז נישט אַלס פאָלק. זיי נעמען אָן, אַז אַלס פאָלק זיינען מיר געשטאָרבן זייט דעם חורבן פון אונזער היים. מיר גייען אַרום ווי אַ טויטער צווישן לעבעדיקע. אַ קראַנקייט איז פאַראַן אויף דער וועלט — אַ קראַנקייט פון שרעק און האַס, וועלכע גייט איבער בירושה ביי די גוים, אַן אַלטע קראַנקייט, וואָס ציילט שוין קרוב 2000 יאָר. איר נאָמען איז „יודאָפאָביע“. די באַגריפן „יידיש פאָלק“ און „יידן=האַס“ זיינען ענג פאַרבונדן. מעג איין פאָלק זיין פיינטלעך צום צווייטן — אין זייער האַס צו די יידן וועלן אַלע פעלקער זיך קענען געבן די הענט. נאָרמאַל זיינען דאָ אין יעדן לאַנד היימישע און אויסלענדער! אָבער די יידן באַהאַנדלט מען נישט אַפילו ווי מען באַהאַנדלט אויסלענדער, וועלכע קענען אָפּדינען זייערע מארחים מיט אַ הכנסת=אורחים. די יידן זיינען פרעמדע, ווייל זייער אָרט איז איבעראַל, און זיי האָבן בכלל קיין אָרט נישט. ווו די יידן זיינען אין אַ גרעסערער צאָל — דאָרט איז דער אַנטיסעמיטיזם גרעסער. די יידן ברענגען מיט זיך דעם אַנטיסעמיטיזם. דער אַנטיסעמיטיזם אין לאַנד וואַקסט צוזאַמען מיט דעם וווּקס פון די יידן אין דעם באַטרעפנדן לאַנד. אַזוי איז דער ייד אין די אויגן פון די באַזיצער אַ בעטלער, אין די אויגן פון פּראָלעטאַריאַט — אַ רייכער און אַ מיליאָנער, אין די אויגן פון די פּאַטריאָטן — אַ פאָטערלאַנדס=לאָזער, אין די אויגן פון אַלע קלאַסן — אַ פאַרהאַסטער קאָנקורענט. און פּינסקער וויל געזונט מאַכן דאָס פאָלק. ער וויל פלאַנצן אין אים דאָס געפיל פון זעלבסט=ווירדע און זעלבסט=ערע. ער וויל נישט דאָס פאָלק זאָל זיין פאַראורטיילט צו בעטלען נדבות ביי די פעלקער. ער וויל אויך נישט מער די אַסימילאַציע, ווייל די וועלט וויל אונז נישט האָבן צווישן זיך. ער שילדערט אונזער לאַגע אין גלות: „אונזער פאָטערלאַנד — די פרעמד, אונזער אחדות — דער פּזור, אונזער סאָלידאַריטעט — די אַלגעמיינע שנאה, אונזער וואָפן — די אונטערטעניקייט, אונזער שוץ — דאָס אַנטלויפן, אונזער אָריגינאַליטעט — די צופּאַסונג, אונזער צוקונפט דער מאָרגנדיקער טאָג. און אַזוי לעבט אַ פאָלק, וואָס האָט אַמאָל אַרויסגעגעבן זיינע מכבייער“.

נישטאָ וואָס צו האָפן אויף די חסדים פון די פרעמדע, נאָר אַליין דאַרפן מיר זיך באַפרייען, און. מיט אייגענע כחות, פאַרשטייט זיך. נישט עמאַנסיפּאַציע, נאָר אויטאָעמאַנסיפּאַציע — זעלבסט=באַפרייאונג! מיר מוזן רופן אַ קאָנגרעס, טראַכטן וועגן אַן אייגענער מדינה. נישט וויכטיק צי זי זאָל זיין אין אר״י, אָדער אין אַנדער אָרט. אויב מעגלעך אין אר״י — איז געוויס גוט; ווען נישט — איז נישט געפערלעך. ווייל סוף=סוף פאַרבינדן דאָך אונז נישט מיט אר״י קיינע געשיכטלעכע בערג, אָדער טייכן, נאָר דאָס פאָלק איז פאַרבונדן מיט ציון צוליב קולטורעלע ווערטן, וועלכע לאָזן זיך איבערפירן אויך אין אַ צווייטן אָרט. און ער ווייסט די שוועריקייטן פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון זיין טרוים. „ווייט=ווייט איז דער האַפן, צו וועלכן מיר אַלץ שטרעבן; אָבער פאַרן טויזנט יעריקן וואַנדערער איז אויך דער ווייטסטער וועג נישט צו ווייט“.

פּינסקער האָט זיין בראָשור אַרויסגעלאָזט אין דייטש מיט דער האָפענונג, אַז די יידן פון מערב וועלן זיך אָפּרופן. אָבער דאָס איז געווען אַ האָפענונג, וועלכע האָט אַנטוישט. דווקא דאָס רוסישע יידנטום האָט זיך אָפּגערופן.

פּינסקער זעט, אַז עס איז שוין דאָ אַ ראַם פון מענטשן, וועלכע טראַכטן אַזוי ווי ער. אָבער זיי שטעלן פאַר זיך אַלס ציל נאָר אר״י, און אין דער ריכטונג האָבן זיי שוין אָנגעהויבן אויך עפּעס צו טאָן. אַ דאַנק דער השפּעה פון ליליענבלום, ד״ר מאַנדלשטאַם און פּראָפ. שפּיראָ טרעט ער אַריין אין זיי=

ערע רייען. ער ווערט דער פאָרזיצער פון די „חובבי-ציון" אין אָדעס.

אין נאָוועמבער 1884 ווערט צוזאַמענגערופן די קאָנפערענץ פון די „חובבי-ציון" אין קאַטאָוויץ. עס האָט געפעלט די פייערלעכקייט. וועלכע איז געקומען 13 יאָר שפּעטער אין באַזעל. קיין עכטער פּראָטאָקאָל איז אַפילו פון דער קאָנפערענץ נישט געבליבן. פּינסקערס רעדע וועגן דער פּראַקטישער אַרבעט אין אר"י איז נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אַ בראָשור, טראָץ דעם באַשלוס פון דער קאָנפערענץ עס צו טאָן. עס האָט געפעלט אויף דער קאָנפערענץ דער רעוואָלוציאָנערער גייסט. עס האָט געפעלט הערצלס מערב-גייסט. אַפילו קיין באַשלוס וועגן ווייטערדיקע קאָנפערענצן איז נישט געווען. ס'האָט זיך געפילט אַן אַטמאָספער פון רואיקע און סאָלידע בעלי-בתים.

די באַוועגונג האָט אָנגעהויבן לייַדן פון אינערלעכע שטרייטיקייטן. די משכילים מיט די רבנים האָבן נישט געקענט דורכקומען צווישן זיך. די משכילים האָבן אָנגעהויבן נאָכגעבן די רבנים, אָבער מען האָט זיי נישט געקאָנט באַפרידיקן. וואָס מער מען האָט נאָכגעגעבן — אַלץ איז געוואַקסן דער אַפּעטיט פון די פאָדערונגען. פון דער צווייטער זייט האָבן אַנדערע משכילים, וועלכע זייַנען נישט צוגעשטאַנען צו דער באַוועגונג (ווי יל"ג), אָנגעהויבן אַטאַקירן די צוגעשטאַנענע משכילים (ווי ליליענבלום און די וועלכע האָבן אָנגענומען זייַן שיטה פון „דרך תשובה"). צוליב דער נאָכגעביקייט לגבי די אָרטאָדאָקסן זייַנען מענטשן ווי סאָקאָלאָוו, פּרץ, פרישמאַן און קאַנטאָר בכלל נישט אַרייַנגעטראָטן בײַם אָנפאַנג אין דער באַוועגונג. פּינסקער האָט דאָס נישט געקאָנט אויסשטיין. ער איז געווען גרייט אויף די מאַקסי-מאַלסטע ותורים. אין 1887 בעת דער דרוזגעניקער קאָנפערענץ — איז רבי שמואל מאָהילעווער אַרויס קעגן אים און קעגן ליליענבלום. פּינסקער פרעגט אים: „רבי, וואָס ווילט איר?". דער רב האָט געענטפערט מיט כעס: „כשרע יידן זוך איך", אַן אָנדייטונג, אַז פּינסקער, וועלכער איז נישט געווען קיין אָרטאָדאָקס, געפעלט אים נישט.

* * *

„יפתח בדורו כשמואל בדורו". פּינסקער אין זייַן דור איז אַזוי ווי הערצל אין זייַן דור. ער האָט געמאַכט די צוגרייטונגען פאַר הערצל, די צוגרייטונגען פאַר דעם פּאָליטישן ציוניזם.

און אינטערעסאַנט: יעדער איינער האָט געזען אין אים זייַן וועגווייזער. זייַן בראָשור — איז געווען אַן אָנזאָג פאַרן פּאָליטישן ציוניזם; זייַן רעדע אין קאַטאָוויץ — פאַרן פּראַקטישן ציוניזם; זייַן לעצטער געשפּרעך מיט אחד-העם וועגן דער הכשרת הלבבות (ווי אחד-העם גיט אים איבער אין זייַן אַרטיקל „ד"ר פּינסקר ומחברתו" אין ערשטן באַנד פון „על פרשת דרכים") — פאַרן גייסטיקן ציוניזם.

אַזוי אַרום האָט הערצל געזען אין אים זייַן לערער (ווען ער וואָלט געלעזן פריער פּינסקערס בראָשור — שרייבט הערצל — וואָלט ער זייַן „יודענשטאַט" נישט געשריבן). און אחד-העם האָט געזען אין אים זייַן לערער (זע דעם א.ד. אַרטיקל). און אוסישקין האָט געזען אין אים זייַן לערער (אויף אַזוי ווייט, אַז ער האָט געבעטן מען זאָל אים באַערדיקן לעבן פּינסקערן אין מערת נקור אין ירושלים). און קלויזנער רעדט וועגן דער גרויסקייט פון פּינסקער מיט דעם וואָס ער האָט געקאָנט פאַרציכטן אויף זייַן אייגענעם כבוד, ווען הרב מאהילאווער האָט אים אָנגעגריפן.

און גרינבוים באצייכנט פינסקערס דעפיני־ציע וועגן גלות אלס די בעסטע וואס קען נאר געבן.

אין יאר 1891 שטארבט פינסקער אין עלטער פון 70 יאר. אין יאר 1934 ווערט זיין ארון געבראכט קיין ירושלים אויפן הר הצופים אין דער מערת־ניקנור.

זעקס יאר נאך זיין טויט קלינגען שוין די גלאקן פון באזעל. ס'ווערט געשאפן דער פאליטישער ציוניזם פון ד"ר הערצל. פינסקער געפינט זיין פארזעצונג. דער געדאנק פון „אם אין אני לי — מי לי?!", דער געדאנק פון „אויטאעמאנסיפאציע", ווערט פארוואנדלט אין דער טאט פון יידנשטאט, פאר וועלכער אונזער דור איז אן עדות.

„פאַרן פּרייז פון באַפרייען זייער
פאָלק וועלן מנהיגים באַצאָלן מיט זייער
לעבן, זיי וועלן געקרייציקט ווערן דורך
פיינט און פריינד“.

(ישראל זאנגוויל)

# בנימין־זאב הערצל

פאַרוואָס ווערט ער דווקא באַצייכנט אַלס דער ערשטער? פריער פון אים זיינען דאָך אויך אַנדערע געווען? דער ציוניסטישער געדאַנק איז דאָך אַלט אַזוי ווי דאָס יידישע פאָלק אַליין. פריער פון אים זיינען דאָך געווען מרדכי=עמנואל נח, די רבנים קאַלישער און גוטמאַכער און אַלקלעי, משה העס און פינסקער. פאַרוואָס האָבן זיי נישט זוכה געווען צו דעם, וואָס ער האָט יאָ זוכה געווען, בפרט נאָך ווען זיי זיינען געקומען פריער פון אים?

יאָ, ווייל יער איז געקומען מיט דעם שם=המפורש. נישט „רוים און ירושלים“ (ווי העס) און נישט „אויטאָעמאַנסיפּאַציע“ (ווי פינסקער), נאָר צום ערשטן מאָל אין דער יידישער געשיכטע אין גלות — „יידנשטאַט“.

צוליב דעם און צוליב נאָך עפּעס: די איבעריקע האָבן זיך באַגנוגנט מיט אַ קול קורא, מיט אַ בראָשור, אפשר אויך מיט אַ קליינעם צוזאַמענפאָר; אָבער דאָס גאַנצע לעבן אָפּגעבן פאַר דעם אידעאַל, אָרגאַניזירן אַ וועלטבאַוועגונג, אונטערהאַנדלען צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע, מיט פאַרשיידענע מלכים ושרים אין נאָמען פון אַ וועלט=יידנטום, רופן אַ קאָנגרעס, דערוועקן די פרעסע, דעראָבערן די קהילות, פאַרוואַנדלען דעם געדאַנק אין אַ טאַט — דאָס האָבן די פריערדיקע נישט געטאָן, דאָס האָט יער יאָ געטאָן!

יערע די פאָרגענגער! ווען נישט זיי; ווען נישט זייערע צוגרייטונגען פאַרן ציוניזם — וואָלט הערצל נישט געווען דאָס, וואָס ער איז געוואָרן. דאַן וואָלט ער געווען אפשר בבחינת אַ „משיח בן=יוסף“ לגבי אַ „משיח בן=דוד“, וועלכער וואָלט געקומען נאָך אים; דאַן וואָלט ער געווען לגבי די קומענדיקע, אַזוי ווי די פריערדיקע זיינען היינט לגבי אים.

* * *

פאַריז 1895. אין די גאַסן שרייט מען: „טויט די יידן!“, דער יידישער אַרטילעריע=קאַפּיטאַן דרייפוס ווערט געמשפּט.

אַ קאָרעספּאָנדענט פון ווינער „נויע פרייע פּרעסע“ הערט דאָס מיט זיינע אויערן און זעט דאָס מיט זיינע אויגן. פריי האָט ער געלעבט ביז דאַן. און דאָ, און מיט אַמאָל, דערמאָנט ער זיך — ער איז אַ ייד...

דער קאָרעספּאָנדענט און ייד איז געווען בנימין=זאב הערצל.

ווייט פון זיין פאָלק איז ער געווען, אַזוי ווי משה העס, אַזוי ווי לעאָן פינסקער. דער אַנטיסעמיטיזם האָט אים צו זיין פאָלק געבראַכט, אַזוי ווי העסן און פינסקערן. העס איז געקומען צו אונז נאָך דעם בלוט=בלבול אין דמשק, פינסקער — נאָך די פּאָגראָמען אין דרום=רוסלאַנד, און יער — נאָך דעם דרייפוס=פּראָצעס.

ווי אַ פרייער באַפרייער איז ער געקומען צו שקלאַפן. ווי דער פרייער משה איז געקומען צו זיינע פאַרשקלאַפטע ברידער אין מצרים — אַזוי איז ער צו אונז אין געטאָ געקומען. יאָ, „אין חבוש מתיר אסורים“ — דער אַרעסטירטער באַפרייט נישט קיין אַרעסטירטע. נאָר דער פרייער קאָן דעם צווייטן באַפרייען. אַזוי איז געווען משה רבנו

פריער פון אים. אַזוי איז געווען זאב זשאַבאָטינסקי שפּעטער פון אים.

און געקומען איז ער צום פאָלק מיט ליבשאַפט. „אַ גוט פאָלק, אָבער אַן אומגליקלעך" — שרייבט ער וועגן יידישן פאָלק. און מיט פרייד האָט ער פאַר זיין פאָלק געאַרבעט. זיין גאַנצן לעבן האָט ער געשריבן זיינע טאָגביכער. אין 1897 געפינען מיר אָבער פאָלגנדעס: „אין די פרייע טעג בין איך צו מיד, אין די פאַרנומענע — צו פאַרטאָן, כדי אָנצושרייבן עפּעס אין טאָג־בוך. און אַזוי ווערט ער פאַקטיש אָרימער און אָרימער, אין דער צייט ווען די באַוועגונג ווערט רייכער און רייכער".

און נישט נאָר זיינע טאָג־ביכער פאַרנאַכלעסיקט ער. נאָר אויך זיין משפּחה. „איך וואָלט דאָך געקאָנט זיצן רואיק אין מיין שיינעם הויז, צווישן מיינע שיינע קינדער, וועמענס שענסטע קינדער־יאָרן גייען אַוועק, און איך פאַרברענג גאָרנישט מיט זיי, און קוק זיך גאָרנישט צו צו זייער שיינער אַנטוויקלונג" — שרייבט ער אין די טאָג־ביכער. און נישט נאָר זיינע קינדער, נאָר אויך זיינע עלטערן, נאָך וועמען ער בענקט שטענדיק זייענדיק אונטערוועגס, צו וועמען ער שיקט שטענדיק בריוו און טעלעגראַמעס, וועמען ער רופט שטענדיק אָן מיט די וואַרעמסטע ליבעווערטער אין זיינע בריוו, און בפרט זיין מוטער, וועלכע ער טרייסט אַפילו ליגנדיק אויפן טויטן־געלעגער — אויך זיי פאַרנאַכלעסיקט ער. און נישט נאָר זיי, נאָר אויך זיין פרוי יוליאַ, וועלכע איז זאָגאַר — לויט הערצלס ביאָגראַף ד"ר א.ביין אין זיין בוך „טעאָדאָר הערצל" — געווען פאַרביטערט אויף אים צוליב זיין איבער־מענטשלעכער אַרבעט אין דער באַוועגונג.

און ער, אַן אַלדמאַן אין זיין גאַנצן מהות און וועזן, וועלכער האָט פאַרשטאַנען צו אַנטשולדיקן („אַ מענטש איז נישט קלוג, אויב ער איז נישט מודה אין זיינע נאַרישקייטן, אָבער אַ מענטש ווערט נישט קלוג, אויב ער באַגייט נישט קיין נאַרישקייטן" — זאָגט ער אין זיין פעליעטאָן „די אויפירונג מיט מענטשן"). ער האָט געוווסט צו אַנטשולדיקן נאַרישקייטן. ער האָט אויך געוווסט נישט צו לייגן קיין אַכט אויף באַליידיקונגען („איך מאַך די גרעסטע ותורים לגבי אויסדרוקן. איך קריג זיך נישט צוליב ווערטער", טאָגביכער 1895). ער האָט אַפילו אחד־העם'ען נישט געענטפערט אויף דיער קריטיק אויף „אַלט־ניי־לאַנד", נאָר געבעטן נאָרדאַו זאָל עס טאָן אָנשטאָט אים. ער האָט אָבער, צום טראָץ פון זיין מהות, געמוזט נישט איינמאָל אַריינגיין אין טרויעריקע דיסקוסיעס מיט זיינע קעגנער.

און נישט נאָר דאָס האָט ער אָפּגעגעבן, נאָר אויך זיין ערע האָט ביי אים קיין ראָלע נישט געשפּילט, ווייל „ווער עס גרייט צו די צוקונפט — מוז אויך קענען איבערשפּרינגען די קעגנוואַרט" — שרייבט ער אין איינע פון זיינע פילאָזאָפישע דערציילונגען. און הערצל איז דאָך געווען אַ מענטש מיט זעלבסט־ווירדע. ער האָט דאָך נישט געקושט די הענט פון פויפּסט ביים באַזוכן אים, ער האָט זיך אויך נישט געבוקט צו אים (ווי עס פירן זיך זיינע באַזוכער); ער האָט דאָך געענטפערט ראָטשילדן, ווען יענער האָט אים געזאָגט וואָס יאָ צו רעדן און וואָס נישט צו רעדן מיט דיפּלאָמאַטן, אַז ער רעדט דאָס, וואָס ער געפינט איין פאַר נויטיק, נישט פרעמדנדיק ביי קיינעם; ער האָט דאָך געענטפערט דעם באַראָן הירש: „אַ שטעלע ביי אייך — נישט; ביים יידישן פאָלק — יאָ!". און ער, דער שטאָלצער מאַן, שרייבט זעקס מאָל בריוו צו באַראָן הירש, און בעט אַן אינטערוויו, טראָץ דעם, וואָס יענער האָט זיך אָנטזאָגט אים איבערצונעמען. דריי מאָל בעט ער אַן אינטערוויו ביי ראָטשילד ביז יענער איז ענדלעך מסכים אים צו זען. אַלס „דער גאון פון ווילן" באַצייכנט אים זיין חבר נאָרדאַו. און דאָך איז ער צוליב דעם ציוניזם געגאַנגען אויך צו קלענערע גבירים, ווי גוטמאַן און רייטלינגער פון ווין, זעליגמאַן און ששון פון ענגלאַנד, פּאָזנאַנסקי, בראָדסקי און פּאָליאַקאָוו פון ריסלאַנד, ברעכער און לינקאָוו פון פאַריז, בערניעפּא פון יאָהאַנעסבורג א.אז.וו.

אַפילו טערקיש האָט ער אָנגעפאַנגען לערנען צוזאַמען מיט זיין זון האַנס, ווייל דאַן האָט אר״י געהערט צו טערקיי.

דער יאוש האָט אים נישט אָפּגעשראָקן, ווייל „יאוש איז אַ טייערער מאַטעריאַל, פון וועלכן מען קאָן מאַכן די טייערסטע זאַכן“ — שרייבט ער אין אַ פילאָזאָפישער דערציילונג. און יעדער נייער געדאַנק „דאַרף אויסשטיין שווערע און ביטערע מלחמות“ („אַלט-ניי-לאַנד“). און ווען ער איז אַריין אין דער אַרבעט פאַרן ציוניזם — קאָן ער שוין פון איר נישט אַרויסגיין: „איך וועל אַרבעטן פאַרן יידנטום ביז איך וועל פאַלן“ — דריקט ער זיך אויס אין די טאָג-ביכער. „איך וויל קעמפן פאַר מיין פאָלק ביז איך וועל זיך צעברעכן“ — שרייבט ער צו באַראָן הירש דעם 3.6.1897. און דאָס איז דאָך פאַקטיש דער כח פון אַן אידעאַל. „און וואָס דערקענען מיר דעם כח פון אַן אידיי? אין דעם, וואָס אַ מענטש קאָן זיך פון איר נישט אַרויסדרייען, סיי ווען ער איז מודה אין איר און סיי ווען ער איז קעגן איר“ — שרייבט ער אין זיינע ציוניסטישע שריפטן.

ער פאַרטיידיקט זיין פאָלק און קעמפט פאַר אים. די גוים — זאָגט ער — אורטיילט מען לויט זייערע גרויסע מענטשן, און אונז לויט „משה'ל“. ניין! אונזער פאָלק וועט נאָך וווּנדער באַווייזן — ער וועט נאָך שאַפן אַזאַ טיפ פאָליטיקער, אַן יצרלעכן און ווירדיקן, אַזאַ ווי די וועלט האָט נאָך נישט געזען. ער וועט שאַפן אַ נייע סאָציאַלע סיטעם (ווו עס וועלן זיין אַרבעטער-קוואַרטאַלן, אַ זיבן-שעה'דיקער אַרביטס-טאָג, סאָציאַלע זעלבסט-הילף א.אַז.וו.). דאָך וועט ער אויך לאָזן דעם פריוואַט-קאַפיטאַל מיט זיין געבענטשטער איניציאַטיוו, און די שטאָט איז נויטיק אַזוי ווי דער דאָרף. „אונזער אידעאַל איז אַן אידעאַל פון גערעכטיקייט און מענטשן-ליבע“ (טאָג-ביכער, 13.6.95). אָבער אויך „דאָס פריוואַט-קאַפיטאַל דאַרף זיך אַנטוויקלען ביי אונז אַלס זעלבסטשטענדיקע עקאָנאָמישע באַזע אין אַ פרייער אַטמאָספער און אין אַ וועג פון ערע“ (13.6.95). ער שטרעבט צו אַן אַריסטאָקראַטישער רעפובליק, ווייל דאָס, מיינט ער, פאַסט זיך פאַר דער מענטאַליטעט פון אונזער פאָלק.

דאָס פאָלק וועט געענדערט ווערן. אָבער „ווען איך וויל בויען אַ נייעם בנין אַנשטאָט דעם אַלטן — זאָגט ער אין „יידנשטאַט“ — מוז איך פריער צעשטערן דעם אַלטן און ערשט דאַן קאָן איך בויען דעם נייעם“. מיט וועלכער קראַפט וועט ער דאָס קענען מאַכן, צעשטערן און דאַן בויען? — מיטן כח פון געדאַנק! „קיין מענטש איז נישט פעאיק און גענוג רייך, כדי אַריבערצופירן אַ פאָלק פון איין אָרט צום צווייטן, נאָר אַ געדאַנק קאָן עס מאַכן. דער שטאַטלעכער געדאַנק איז פעאיק עס צו טאָן“. און וואָס פאַר אַ רעאַלע ווערטן באַזיצט דער געדאַנק, וויפל קי און ציגן און וויפל בעק און וויפל ביימער און וויפל דונאַם? — נישט וויכטיק! ווייל הערצליאַנישער פאָליטישער ציוניזם זאָגט: אַרויסשטעלן דעם יידישן פראָבלעם אויפן סדר-היום פון וועלט-באַראַטונגען. מיר נויטיקן זיך אין „באַדינגונגען פאַר דינגען“ (תנאים פריער ווי קנינים). דאַן איז דאָך דער געדאַנק נישט רעאַל? — ניין! אַ קליינער באַל מוז האָבן דעם רעאַלן באַזיס און אין דער לופט קאָן ער נישט הענגען, אָבער דער ערד-קויגל געפינט זיך אין דער לופטן — שרייבט ער אין זיין דערציילונג „די לופט-שיף“. אַ קליינער געדאַנק דאַרף האָבן אַ רעאַלן באַזיס; אַ גרויסער אידעאַל, ווי הערצלס גרויס-ציוניזם, נויטיקט זיך נישט אין דעם, ווייל גרויס איז ער ווי דער ערד-קויגל אַליין. ווייל „ווען אַפילו דו וועסט אָפּקויפן אַלע הייזער פון יאקטרינאָסלאַוו — וועט די שטאָט נישט אויפהערן צו געהערן דעם רוסישן גובערנאַטאָר“ — שרייבט ער אין זיין באַקאַנטן בריוו צו אוסישקינען. „יאָ, מיר האָבן דעם כח צו שאַפן אַ מדינה, אַ מוסטער-מדינה“. און דריי טעג נאָכן ערשטן קאָנגרעס פון זיינע 196 דעלעגאַטן שרייבט ער אין זיין טאָג-בוך (3.9.97):

„אין באַזל האָב איך געשאַפן דעם יידנשטאַט“. און ווי נביאיש קלינגט די פאָרזע-

צונג פון דעם זאַץ: „אויב נישט איצט — דאַן אין פינף יאָר אַרום, העכסטנס אין 50 יאָר אַרום וועט די יידישע מדינה ווערן אַ פאַקט“. ווייל זיין בראָשור רופט ער „יידנשטאַט — אַ פרוו צו לעזן אַ פראָבלעם“. און אין דעם „יידנשטאַט“, אין דעם „פרוו“, זאָגט ער: „די יידן, וואָס וועלן האָבן דעם ווילן, וועלן באַקומען זייער מדינה“. און ווען זיין „יידנשטאַט“ דערשיינט פון דרוק — פאַרשרייבט ער אין זיין טאָג־בוך: „היינט אָוונט האָט מען מיר געבראַכט די ערשטע 500 עקזעמפּלאַרן פון מיין בראָשור. — — די בראָשור איז אַ גורלדיקע דערשיינונג!“ (14.2.1896).

און ווען מען וואַרפט אים פאָר: „דאָן קיבאָט!“ — ענטפערט ער: „שאַנטאַ פאַנסא בין איך געווים נישט!“. „צי ווייסט, מיין הער, ווי אַזוי איז אויפגעשטאַנען דייטשלאַנד? פון לידער, טרוימען, פאַנטאַזיעס און געזאַנג. — — נאָר די פאַנטאַזיע דערהויבט דעם מענטש. און ווער עס קאָן נישט אָנפאַנגען מיט דעם — — וועט די מענטשן נישט פירן, און קיין זכר וועט פון אים נישט בלייבן. — — אַ פאָן — וואָס איז זי? אַ פלאַקן מיט אַ שטיקל לייוונט? ניין, מיין הער, אַ פאָן איז מער ווי דאָס. מיט דער פאָן פירט מען מענטשן צו יעדן אָרט, און אַפילו צו דעם אויסדערוויילטן לאַנד“ (צו באַראָן הירש).

אונטער דער פאָן האָט הערצל געשאַפן די גרויסע לעגאַלע אַלוועלטלעכע פּאָליטיש־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אַנשטאָט דער קליינער געהיימער רוסישער פּראַקטישער חבת־ציון־גרופּע.

אונטער דער פאָן דאַרף גיין די יוגנט — „די גאַנצע יידישע יוגנט, די אַלע וואָס זיינען איצט אין עלטער פון 20—30 יאָר, וועלן פאַרלאָזן די פאַרטושטע סאָציאַליסטישע שטרעמונגען און צו מיר וועלן זיי קומען. זיי וועלן גיין ווי וואַנדערנדע פּרעדיקער אין זייערע משפּחות. און צום לאַנד וועלן זיי גיין, אָן דעם וואָס איך זאָל זיי דאַרפן וועקן דערצו. ווייל זיי געהערט דאָס לאַנד“ (טאָג־ביכער 1.8.95). „פאַראייניקט אייך, בחורים, מיר נויטיקן זיך אין אייך. אַנטוויקלט נישט נאָר אייער גייסט, נאָר אויך אייערע מוסקולן!“.

אונטער דער פאָן דאַרפן גיין די פאַרביטערטע, ווייל „נאָר פאַרביטערטע מענטשן קאָנען אויסקעמפן אַ לאַנד“. און „ווער עס וויל זיך קריגן און האָט דרייסטקייט דערצו“ — אונטער דער פאָן — „זאָל ער קעמפן קעגן אונזער אויסערלעכן פיינט!“ דעם האָס דאַרפן מיר לערנען אַלס פויגל יוצא פון אונזער ליבע. די ליבע צו אונזער פאָלק מוז אַרויסרופן דעם האָס צו זיינע אונטערדריקער. און די אונטערדריקער זיינען אַלע גוים. „סיי אין דער קאַפּיטאַליסטישער מחנה און סיי אין דער סאָציאַליסטישער מחנה געפינען מיר זיך אויף די געפערלעכסטע פּאָזיציעס“ — שרייבט ער אין זיין „יידנשטאַט“. און דערפאַר זאָגט ער שוין דאָן אין „יידנשטאַט“: „איך זע די יידישע מדינה ווי אַ נייטראַלע מדינה“.

* * *

„צי וועט מען אונז אַרויסטרייבן, אָדער דערמאָרדן? איך ניצם אָן, אַז אַלעם איז מעגלעך און נאָך שרעקלעכע פאָרמען פון פאַרניכטונג שטעל איך מיר פאָר — — אין רוסלאַנד וועט מען פשוט אַלץ צונעמען פון אויבן. אין דייטשלאַנד וועט מען אַרויסגעבן ספּעציעלע געזעצן קעגן אונז. — — אין עסטרייך וועט מען אַרויסגעבן די יידן. — — און צי איז נישטאָ קיין רעטונג? -- ס'איז דאָ, מיינע הערן, איינע איז זי און אַמאָל איז זי שוין געווען — — יציאת מצרים“ (1896).

און אין זיין בריוו צו לאָרד ראָטשילד פון 30.5.1903 שרייבט ער: „קישענאָוו איז נאָך נישט געקומען צו איר שלום. די פאָלגן וועלן נאָך קומען. אַ נייע עמיגראַציע־באַוועגונג וועט אָנהויבן גיין פון רוסלאַנד. וווהין?“.

„איך וויל ראַטעווען דעם ענגלישן יידנטום פון דעם שטראָם פליטים פון מזרח־אייראָפּע, וועלכער וועט ברענגען מיט זיך דעם אַנטיסעמיטיזם אין ענגלאַנד. און אויב איר ווילט דאָס אויסמיידן — קומט און טוט זאָפאָרט פאַר אייער צוקונפט!“ (צו ראָטשילדס פאַרשטייער אין יולי 1902).

„מיינע ברידער אין אונגאַרן וואָלט איך מוחל געווען זייער קעגנערשאַפט צום ציוניזם. ווען איך וואָלט געוווסט, אַז זייער אונגאַרישער פּאַטריאָטיזם וועט זיי ראַטעווען פון אונטערגאַנג. אָבער, ליידער, זע איך, אַז אויך דיער סוף פון אונגאַרישן יידנטום איז נאָענט. שרעקעלך וועט זיין זייער אכזריותדיקער גורל, און וואָס שפּעטער ער וועט קומען — אַלץ גרויזאַמער וועט ער זיין. — — אין מיין אויפגאַבע היינט איז צו לייגן די יסודות פאַר דער צוקונפטיקער רעטונג פון מיינע באַקעמפער". (זיין בריוו צום אונגאַרישן אַסימילאַטאָר ד"ר ערני מעזי).

יאָ, „יידן־נויט", דער אַנטיסעמיטיזם האָט אים צו אונז געבראַכט. דאָס איז „די שטויסקראַפט" פאַרן ציוניזם. „אונזערע שונאים מאַכן אונז פאַר אַ פאָלק". „אַ פאָלק זיינען מיר — איין פאָלק!". און אַרויסגייענדיק טאַקע פון דער הנחה, אַז דאָס יידישע פאָלק איז אומטיילבאַר, האָט מיט אייניקע יאָר צוריק מהרכי כ"ץ, למשל, באַגרינדעט דעם מהות פון ע ם א ח ד אין זיין בראָשור וועגן יידן און העברייער.

יאָ, רוסלאַנד, דייטשלאַנד, עסטרייך, קישענאָוו, ענגלאַנד, אונגאַרן! ווער האָט געקאָנט דאַן וויסן, אַז הערצל איז נישט נאָר אַ דיפּלאָמאַט (ווי אחד־העם האָט געמיינט), נאָר אויך אַ נביא, אַ נביא ממש?!...

און אַזוי ווי אַ נביא זאָרגט ער פאַר זיין צאן קדשים. „זיין מיינונג איז געווען צו גוט וועגן די יידן" — זאָגט ער מען זאָל זאָגן וועגן אים נאָך זיין טויט. שפּייענדיק מיט בלוט זאָגט ער פאַר זיין טויט: „מיין בלוט — פאַרוואָס איז ער אַזוי שטורמיש? און איך האָב דאָך נישט געוואָלט, אַז אַזוי זאָל מיין בלוט געפּטרט ווערן". זיין גאַנצן פאַרמעגן האָט ער אָפּגעגעבן פאַר זיין פאָלק. זיין ביאָגראַף, ברייניו, דערציילט, אַז יידישע אָרעמעלייט פלעגן קומען שילדערן פאַר אים זייער אָרעמקייט און ער האָט, אויס זיין ליבשאַפט צום כלל ישראל, געגעבן די יחידים זיינע בעסטע זאַכן און אַליין פאַראָרעמט געוואָרן. אַזוי זאָרגט ער פאַרן יידישן יחיד: „משה האָט פאַרגעסן מיטצונעמען די פּליישטעפּ פון מצרים. מיר וועלן עס געדענקען". און אַזוי זאָגט ער אָן זיין זון, האַנס, פאַרן טויט: „אויב דו וועסט וועלן — וועסטו דיינע ברידער געפינען. אויך איך האָב זיי געפונען, ווייל איך האָב זיי געזוכט".

די ליבשאַפט צום פאָלק איז געקומען צוערשט און שפּעטער איז אויך געקומען די ליבשאַפט צו ציון. נאָכן דריטן קאָנגרעס שרייבט הערצל אין זיין ווונש־בריוו צום קאָלאָנעל גאָלדסמיד צום געבורט פון זיין אייניקל, אַז ער זאָל אים „זוכה זיין צו דערציִען אין אונזער לאַנד, וועלכע מיר גרייטן צו פאַר אונזערע קינדער". נאָר ציון איז אונזער היים און נאָר עברית איז אונזער שפּראַך — מעלדעט אין זיין נאָמען זיין העברעיִשער סעקרעטאַר, בערקאָוויטש, מיט דער דערשיינונג פון דער העברעאישער איבערזעצונג פון „יידנשטאַט". דאָך האָט די ליבע נישט פאַרטושט זיין פאַרשטאַנד. אויב ביי די חובבי־ציון האָט געקלאַפּט דער געפיל — איז ביי אים געווען די לאָגיק. מיט שווער וואָגיקע לאָגישע אַרגומענטן האָט ער באַגרינדעט זיין ציוניזם, און צו די נידעריקע אינסטינקטן פון מענטש האָט ער גאָרנישט גערעדט.

געקומען איז ער צו זיין פאָלק „נאָר אַלס יידנשטאַטלער, און אָט בין איך געוואָרן אַ חובבי־ציון. פאַר מיר איז נישטאָ קיין אַנדער לעזונג פאַר דער יידן־פראַגע ווי אין אר"י" („אַ בריוו צום יידישן פאָלק"). אויך אין די טעג פון אוגאַנדאַ פאַרהאַנדלט ער מיט פּליעווע, מיט דעם איטאַליענישן קעניג און מיט דעם פּויפּסט וועגן אר"י.

* * *

און געקומען איז ער מיט חידושים. „ווער ווייסט צי איך וואָלט געהאַט די העזה אַרויסצוגעבן מיינע ביכער, ווען עס וואָלטן מיר געווען באַקאַנט די וויכטיקערע ווערק פון דעם דייטשן יידן העס און פון דעם רוסישן פּינסקער („ציוניזם"). אָבער, ווי געזאָגט, דער עיקר איז נישט דאָס בוך, נאָר דער נייער טערמין „יידנשטאַט", און דער עיקר איז די דיפּלאָמאַטישע אונטערהאַנדלונג. ער ווייסט דאָס, וואָס די אָפיציעלע ציוניסטישע פירער פלעגן גאַנץ אָפט פאַרגעסן, אַז קיין מתנות

גיט מען נישט, נאָר אַ קעגנזייטיקע הילף איז דאָ. דערפאַר וויל ער פאַראינטערעסירן די וועלט אין ציוניזם, ווייל ביידע צדדים וועלן פון דעם געניסן. צו די ראָטשילדס זאָגט ער, אַז דער ציוניזם וועט ראַטעווען זייער געלט. צו די דייטשע יידן — דער ציוניזם וועט פאַרקלענערן דעם אַנטיסעמיטיזם אין דייטשלאַנד. צו דעם עסטרייכישן פרעמיער — וועגן דעם געווינס פאַר עסטרייך דורך דער אויפשטעלונג פון אַ יידנשטאַט. צו טערקיי — וועגן איר באַרייכערונג. צו ווילהעלם, פּליעווע, טשעמבערליין און לאַנדסדאַון — וועגן דעם נוצן וואָס זייערע לענדער וועלן האָבן, ווען דער ציוניזם וועט פאַרווירקלעכט ווערן.

און ער האָט געוווסט אויך צו פירן פּאָליטיק. ער האָט זיך געקאָנט צופּאַסן צו יעדן איינעם. ער, דער באַרימטער פעליעטאָניסט פון „נויע פרייע פּרעסע“, ווען ער שרייבט צו יידן — שרייבט ער נישט קיין פעליעטאָנען, נאָר ערנסטע ביכער, ווייל דאָס יידישע פאָלק איז ערנסט אַלס רעזולטאַט פון די ליידן אין גלות (אַזוי איז פּאַקטיש אויך פאַרוואַנדלט געוואָרן דער הערליכער פעליעטאָניסט אַלטאַלענאַ אין דעם ערנסטן זשורנאַליסט זאב זשאַבאָטינסקי). און ער ווייסט אויך נישט צו פאַרלירן די חושים ביי פּאָליטישער אַרבעט — „פּעסט אַנטשלאָסן ביי זיך בין איך געווען אין די ערנסטע טעג, און רואיק אין די ביטערסטע טעג. און נאָך עפּעס דאַרף מען קאָנען: „שווייגן, ווען מיט איין וואָרט קאָן מען אַרויסרופן ענטוזיאַזם, און דערמוטיקן אַ פאָלק אויך ווען דו אַליין ביסט פול מיט יאוש“ (טאָג=ביכער, 1899).

און ער וויל דערציען דאָס פאָלק צום ציוניזם, און דאָס קאָן ער מאַכן דורך דער פּרעסע. „אונזערע צייטונגען דערגענצן אומדערמידלעך די פאָלקס=דערציאונג. — — און ווי ערנסט איז די באַציאונג פון די זשורנאַליסטן צו זייער אויפגאַבע, וועמענס אחריות זיי טראָגן“ („אַלט=ניי=לאַנד“). און הערצל, דער דעמאָקראַט, דערלויבט די זשורנאַליסטן אויך די פרייהייט פון וואָרט — „קיין מאָל טאָר נישט באַשטראָפט ווערן אַ צייטונג צוליב איר אָפּאָזיציאָנערן כאַראַקטער“ (טאָג=ביכער, 1895).

* * *

און ווען ער קומט צום פאָלק — קומט ער אויך צו זיינע הייליקטימער. שלום שוואַרץ אין זיין בוך „הרצל באגרותיו“ דערציילט, אַז טראָץ דאָס מאָדערנע הויז פון הערצלס עלטערן—איז דאָרט געווען אַ עכט=יידיש=לעבער גייסט. יעדן שבת איז דאָס קינד הערצל געגאַנגען מיט זיין פאָטער דאַווענען. פּראָפּ. פּטאי דערציילט, אַז הערצל האָט געזען אין זיין יוגנט פיל יידן פון אַלטן דור, וועלכע האָבן זיך אים באַוויזן אין חלום, ווי משה רבנו און דער מלך המשיח. ער אַליין דערציילט אין זיין אויטאָביאָגראַפיע פון 1898, אַז זייענדיק אַ קינד האָט מען אים אין דער יידישער שולע געשלאָגן, ווייל ער האָט נישט געוווסט אַלע פּרטים וועגן יציאת=מצרים; הייגט דאַרף מען אים אפשר שלאָגן, ווייל ער „געדיינקט צו גוט די געשיכטע פון יציאת=מצרים“.

שפּעטער זאָגט ער טאַקע צום ווינער הויפּט=רעפאָרם=ראַבינער ד"ר גידמאַן, אַז זיינע קינדער וויל ער דערציען אויף דער באַזע פון דעם געשיכטלעכן גאָט, ווייל גאָט איז פאַר אים „אַן אַלט, שיין און באַליבט וואָרט, וועלכן איך וויל היטן“ (1895). ער איז פאַרביטערט אויף די געטויפטע יידן, וועלכע ער באַצייכנט אַלס „פחדנים“. ער וויל, אַז אין די בתי=מדרשים זאָל מען דאַווענען פאַרן דערפאָלג פון אונזער הערלעכן געדאַנק. ער ווייסט, אַז אונזער קיום איז אַ דאַנק „דעם גלויבן פון אונזערע אבות“. דעם 9.6.95 פאַרשרייבט ער אין זיינע טאָג=ביכער, „אַז אונזער פאָלק איז אַ פאָלק, נאָר מיט זיין גלויבן“. אין זיינע טאָג=ביכער פון 1896 גיט ער איבער, אַז ס'איז אים אַריין אַ געדאַנק צו שרייבן אַ דראַמע אין פינף אַקטן א.נ. „משה“.

פריער ווי ער שרייבט דעם „יידנשטאַט“, גייט ער שבת דאַווענען אין יידישן בית=הכנסת אויף דער נצחון=גאַס אין פּאַריז. אין זיין

„יידנשטאַט“ זאָגט ער, אַז בראש פון יעדער עליה=גרופּע דאַרף שטיין אַ רב, און, אַז „די שותּפות פון יידישן היסטאָרישן גורל וועלן מיר געפינען נאָר אין אונזער רעליגיע“. דערפאַר באַטאָנט ער, אַז „דער צוריקיער צו יהדות מוז קומען פריער ווי דער צוריקער צום יידישן לאַנד“. דערפאַר דערמאָנט ער אַזוי אָפט גאָט אין זיינע טאָג=ביכער און בריוו. דערפאַר איז ער אַזוי באַגייסטערט פון משה רבנו, וויִזמען ער דערמאָנט כסדר און אָן אויפהער. דערפאַר שילדערט ער אַזוי שיין דעם פּסח אין ראָמאַן „אַלט=ניי=לאַנד“. דערפאַר פאַרענדיקט ער דעם ראָמאַן מיטן וואָרט גאָט: אויף דער פראַגע ווער האָט געבראַכט צום גרויסן גליק — קומען פאַרשיידענע תשובות, און דער לעצטער, דער אַלטער רב, ענטפערט: „גאָט!“.

שרייבט טאַקע יעקב דע=האַז אין זיינע זכרונות וועגן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס: „הערצל האָט שטענדיק באַטאָנט, אַז דאָס רעליגיעזע יידנטום האָט נישט וואָס זיך צו שרעקן פאַרן ציוניזם“.

* * *

און ווי האָט זיך דאָס פאָלק צו אים באַצויגן? הערצלס טאָג=ביכער אויף זייערע קרוב צוויי טויזנט זייטן, זיינען פול מיט פאַרביטערונג. די גוישע וועלט האָט געזען אין אים אַ גענאַלן ייד; די יידן האָבן אים אָבער פאַרשריען. „נישטאָ קיין הילף פון קיין צד, אָבער עס זיינען דאָ אַטאַקעס פון אַלע צדדים“ (טאָג=ביכער, 13.10.96).

שוין נישט רעדנדיק וועגן די אַנטי=ציוניסטן, וועלכע האָבן אים געשטערט פון ערשטן מאָמענט אָן, האָט ער זיך אָבער אויך אַנטוישט אין פיל פון זיינע נאָענטע מיטאַרבעטער. גידמאַן איז קאַלט געוואָרן, לאַזאַר האָט אים פאַרלאָזט, בירנבוים איז אַוועק פון ציוניזם א.אַז.וו.

די חובבי=ציון זיינען געווען קעגן אים, ווייל ער איז געווען צו דראַסטיש פאַר זיי; די רעפאָרם=ראַבינער זיינען געווען קעגן אים, ווייל ער האָט געוואָלט מאַכן אַ סוף צו דער אַסימילאַציע. די אָרטאָדאָקסישע רבנים זיינען געווען קעגן אים, ווייל ער איז נישט געווען קיין אָרטאָדאָקס. די העברעאישע פּרעסע מיט דעם קראָקאווער „המגיד“ פון ר׳ יעקב=שמואל פוקס בראש זיינען געווען קעגן אים, ווייל ער איז נישט געווען קיין העברעאיסט. זיינע גוטע פריינד, שיף און וואָלהיים, זיינען געווען קעגן אים, ווייל זיי האָבן אים באַטראַכט פאַר משוגע. די יידישע סאָציאַליסטן זיינען געווען קעגן אים, ווייל זיי האָבן אים באַטראַכט פאַר אַ קאַפּיטאַליסט (און אויך די פאָר סאָציאַליסטן, וועלכע האָבן זיך נאָך פאַראינטערעסירט מיטן ציוניזם, לאַזאַר און באַהאַר, האָבן אים גלײַך פאַרלאָזן). די יידישע קאַפּיטאַליסטן זיינען געווען קעגן אים, ווייל זיי האָבן אים נישט באַטראַכט פאַר אַ קאַפּיטאַליסט. „נאָך מיין ערשטער באַגעגעניש מיטן סולטאַן — דערציילט הערצל — בין איך געגאַנגען קיין לאָנדאָן מיט דער האָפענונג צו באַאיינפלוסן אונזערע בורזשויזן, אָבער אומזיסט בין איך געגאַנגען. דער רעזולטאַט פון מיין מי איז געווען אַ נול!“.

און בּאַראָן הירש האָט אים באַקעמפט. און סאָקאָלאָוו האָט אים געמאַכט צו שפּאָט. און ראָטשילד האָט אים נישט געהאָלפן. און אין ציוניזם גופא האָט ווייצמאַן, זיין געשווירענער שאַרפסטער קעגנער, אָרגאַניזירט צוזאַמען מיט מאָצקין, כהן=בערנשטיין, פייוול און בובער די אָפּאָזיציע קעגן אים אין פאָרם פון אַ „דעמאָקראַטישער פראַקציע“. און אחד=העם, וועמען הערצל האָט גערופן „היצר גינצבערג“ און וועמען נאָרדאַו האָט גערופן „פּאַצקע“, האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט, וואָס ער האָט געלייענט דייטש (די שפּראַך אין וועלכער הערצל האָט געשריבן) און וואָס הערצל האָט נישט געלייענט העברעאיש (די שפּראַך אין וועלכער אחד=העם האָט געשריבן) און האָט אים אַטאַקירט אויף יעדן טריט און שריט. און אַלע האָבן אים חושד געווען, אַז ער איז נישט גענוג פאַרבונדן מיט ציון, טראָץ דעם, וואָס זיין לעצטע קאָנגרעס=רעדע אין אַווגוסט 1903, שליסט ער מיט „אם אשכחך ירושלים“ און טראָץ זיין באַ=

הויפטזונג, בעת זיין לעצטיער שלום-רעדע אויף דער סעסיע פון אקציאנס-קאמיטעט, דריי מאנאטן פאר זיין טויט (אפריל 1904): „װען איך זאג אייך, אז איך בין א ציוניסט און בין געבליבן א ציוניסט און אלע מיינע שטרעבונגען זיינען ציון — האט איר קיין שום גרונד מיר נישט צו גלויבן. — מיינע הערן, איך דארף אייך מוחל זיין אויף פיל-פיל פון אייערע האנדלונגען, אין א סך און א סך זאכן האט איר געזינדיקט לגבי מיר, אבער איך מאך זיך נישט װיסנדיק און גיי פארביי אויף דעם" (דער סטענאגראפישער פראטאקאל פון דער סעסיע).

אליין איז ער געװען מיט געציילטע חברים, װי נארדאו, זאנגװיל, באדנהיימער, מאנדלשטאם, גאלדסמיד און גרינבערג. אליין האט ער געשאפן „די װעלט". אליין מיט זיין געלט האט ער איר פינאנסירט, װען די סכנה צו פארלירן זיין פאסטן אין „נייע פרייע פרעסע" האט אים טאג-טעגלעך געדראאט (זע זיינע טאג-ביכער). אליין גערופן דעם ערשטן קאנגרעס דעם 29-טן אװגוסט 1897 מיט 196 דעלעגאטן און אליין דערגאנגען צו 571 דעלעגאטן אויף זיין לעצטן קאנגרעס (דער זעקסטער) דעם 23-טן אװגוסט 1903. אליין געגאנגען צו קעניג װילהעלם אין 1898, צום סולטאן אבדול האמיד אין 1901, צו יאזזאט ביי און איבראהים ביי און צו יאזעף טשעמבערליין, צו לארד לאנדסדאון און לארד קרומער אין 1902, צו פלעװע און װיטע אין 1903, צום איטאליענישן קעניג און צום פויפסט אין 1904 — אליין גערעדט אין נאמען פון א פאלק, װעלכן ער האט געװאלט באפרייען און װעלכער האט זיך נישט געװאלט באפרייען. און אזוי װי זיין פאלק האט אים פארשטיינערט — אזוי האט אים אויך די גוישע װעלט אנטוישט.

איינזאם און אליין איז ער געװען. אבער די איינזאמקייט האט אים נישט אפגעשראקן אויף קיין האר. פארקערט: זי האט געשטארקט ביי אים די עקשנות, װייל ער איז דער איינציקער, װעלכער דארף ראטעװען זיין פאלק. די פאראנטװארטלעכע איינזאמקייט האט געשאפן די הערלעכע איינזאמקייט — די איינזאמקייט פון נביא.

* * *

„ס'איז כמעט אומעגלעך, שטענדיק א נייע אויפרעגונג" (טאג-ביכער, 11. 6. 1900). „באלד װעלן װערן זעקס יאר זייט איך האב אנגעהויבן ארבעטן אין דער באװעגונג, װעלכע האט מיר געמאכט אלט, מיד און ארעם" (טאג-ביכער, 1901). אין א צװייטן ארט דריקט ער זיך אויס: „זעקס יאר — ניין, זעכציק יאר זייט איך בין אריין אין דער ציוניסטישער באװעגונג". „ביז איצט האב איך פארלוירן אויף „די װעלט" איבער 25.000 גולדן. — — יעדער אייגער װיל זאגן א דעה, נאר באצאלן דארף איך אליין" (טאג-ביכער 1899).

אבער טראץ די אנטוישונגען איז די ארבעט פארגעזעצט געװארן, װייל הערצל האט דעם ענין גענומען ערנסט. אין איינעם פון זיינע פעליעטאנען זאגט ער: „נאר איין װעג איז דא, כדי צו זיין א דערהויבענער מענטש — פארלאנגען א סך פון זיך, און זיך בכלל נישט רעכענען צי די אנדערע שעצן דאס, אדער באמערקן עס". אזוי האט ער טאקע פארלאנגט פון זיך, װייל נישט די שבחים פון דער מאסע, נאר דער װוקס פון דער באװעגונג האט אים אינטערעסירט.

* * *

אבער דאס פאלק פון זיין זייט האט אים נישט פארשטאנען. נישט נאר אים האט דאס פאלק נישט פארשטאנען, נאר אויך נישט זיינע קינדער. קיינער האט זיך מיט זיי נישט פאראינטערעסירט. קיינער האט זיך איבער זיי נישט געזארגט. און נישט נאר זיינע קינדער, נאר אויך דער קרוב פון זיין פרוי דער אפטרופוס פון זיין ירושה, מאריץ רייכנפעלד, װעלכער איז געװען פון די ערשטע הערצליא-

נער — אויך אים האָט מען קיין סערטיפי־
קאַט נישט געגעבן, און אין קאַצעט האָט ער געמוזט אומקומען. און וואָס איז געווען די באַציאונג צו זיין חבר גאָרדאָן און צו זיין תלמיד זשאַבאָטינסקי?

און אַזוי ווי מען האָט זיך באַצויגן צו הערצל דעם לעבעדיקן; און אַזוי ווי מען האָט זיך באַצויגן צו הערצלס קינדער, און אַזוי ווי מען האָט זיך באַצויגן צו הערצלס נאָענטע מיטאַרבעטער — האָט מען זיך אויך באַצויגן צו הערצל דעם טויטן, צו זיינע צוואות, צו זיינע שריפטן און צו זיינע ביינער.

אין זיין אַרטיקל „עכובים שכניים?" שרייבט ד"ר הערצל ראָזנבלום ווי אַזוי מען האָט זיך נישט גערעכנט מיט ד"ר הערצלס צוואה. הערצל, אין זיין ליטעראַרישער צוואה פון 12־טן פעברואַר 1897, דריקט אויס זיין ווונטש, מען זאָל אַרויסגעבן זיינע ווערק גלייך נאָך זיין טויט, און אַז איינער פון זיינע ידידים זאָל רעדאַגירן דעם מאַטעריאַל. און געוואָרן איז עס אין יאָרן שפּעטער, און רעדאַגירט דעם מאַטעריאַל האָט דווקא הערצלס גרעסטער קעגנער, פּראָפ. וויצמאַן פון דער אָנפירערשאַפט אין דער „דעמאָקראַטישער פראַקציע", וועגן וועמען הערצל האָט זיך אויסגעדריקט, אַז די פירערשאַפט פון דער פראַקציע, „איז ווייט פון מיינע ליטעראַרישע פראַקציע ווי מזרח צו מערב", די פראַקציע וועלכע הערצל האָט באַטראַכט ווי מענטשן, וואָס „זיינען אַראָפּ פון זינען". און דווקא וויצמאַן — „ער האָט דאָס געדאַרפט אַרויסשניידן פון הערצלס שריפטן די קאַפּיטלען, וועלכע האָבן זיך אים אויסגעוויזן פאַר געפערלעך".

און וואָס שייך זיינע ביינער — שרייבט הערצלס ביאָגראַף יוסף פרענקעל אין זיין אַרטיקל „הערצלס צוואות", אַז הערצל האָט געבעטן מען זאָל אַריבערפירן זיינע ביינער פון דאַבלינגער בית־הקברות צוזאַמען מיט די ביינער פון זיין משפחה. ער האָט נישט באַשטימט גענוי דעם אָרט, וווּ זיינע ביינער זאָלן רוען אין אר"י. פרענקעל גיט איבער די דיסקוסיעס אַרום דער פראַגע, צי די ביינער זאָלן רוען אין ירושלים, מוצא, אָדער חיפה. אָבער איינס איז קלאָר פון דעם פינפטן פונקט פון זיין צוואה — אַריבערפירן זיינע ביינער קיין אר"י.

אָט ליגט פאַר אונז די ווענדונג פון דעם זעלבן יוסף פרענקעל צו די דעלעגאַטן צום 22־טן ציוניסטישן קאָנגרעס. דאָרט שרייבט פרענקעל, אַז מערערע קאָנגרעסן האָבן באַשלאָסן וועגן אַריבערפירן הערצלס ביינער קיין אר"י, ספּעציעלע קאָמיסיעס זיינען געשאַפן געוואָרן כדי די דאָזיקע רעזאָלוציע צו פאַרווירקלעכן, „אָבער ביז איצט איז די הבטחה פון יידישן פאָלק צו אונזער אומשטערבלעכן הערצל (אין אָריגינאַל: „טו אויר אימאָרטאַל הערצל") נישט רעאַליזירט געוואָרן". און פרענקעל, דער מחבר פון הערצלס ביאָגראַפיע, רופט די דעלעגאַטן צום 22־טן ציוניסטישן קאָנגרעס זיך מער נישט צו באַגנוגענען מיט רעזאָלוציעס, נאָר באַשטימען אַ קאָמיסיע, וועלכע זאָל אין משך פון דריי־פיר מאָנאַטן אַריבערפירן די ביינער קיין אר"י. און דער ענין רירט זיך נישט פון אָרט. הערצל איז געווען אַ משכון אין די מלחמה־יאָרן ביי היטלערן. און אויך היינט געפינען זיך נאָך זיינע ביינער אין עסטרייך.

„ער איז געווען אַ געניוס — צו אונטערשיידן פון דעם באַגאַבטן מענטש. באַגאַבטע מענטשן זיינען דאָ פיל. אָבער געניאַלע מיינ־

טשן זיינען אַ יקר־המציאות. — — זיי שטייען מחוץ דער נאָרמאַלער לאָגיק, פיל העכער זיינען זיי פון זייער דור. דערפאַר פאַרשטייט זיי נישט זייער דור ווי געהעריק, אָדער ריכטיקער געזאָגט — ער פאַרשטייט זיי בכלל נישט" — אַזוי האָט געזאָגט דער פראַנצויזישער קלעמאַנסאָ צום זשורנאַליסט פער וואַזפאַסן וועגן טעאָדאָר הערצל, וועלכן ער האָט געקענט פערזענלעך.

יאָ, זיין דור האָט דעם גאון הערצל נישט פאַרשטאַנען. אָבער אונזער דור, וואָס זעט ווי זיין טרוים ווערט פאַרווירקלעכט — צי דען פאַרשטייט ער אים אויך נישט?!...

* * *

אָנפאַנג יוני 1902 שטאַרבט הערצלס פאָטער. צוויי יאָר שפּעטער שטאַרבט דער זון. אַלץ האָט ער אָפּגעגעבן פאַרן ציוניזם, פאַרן יידישן פאָלק. זיין ציוניסטישע טעטיקייט האָט געבראַכט דערצו, אַז אין ווינער פאָליציי איז אין 1896 געווען צוגעגרייט פאַר אים אַ ספּעציעלע פּאַפּקע, לויט פרענקעלס פעסטשטעלונג, ווי עס האָט דערציילט ד"ר ראובן העכט פאַרן שרייבער פון די שורות. מען האָט נישט געוווּסט פון וואַנעט האָט ער אַזוי פיל געלט אויף טעלעגראַמעס. מען האָט געמיינט, אַז אַ פרעמדע מלוכה פינאַנסירט אים.

אומרואיק איז געווען זיין לעבן, שווער איז געווען זיין גורל. און דאָך — „דער ציוניזם איז געווען דער שבת פון מיין לעבן" (טאָגביכער, יאַנואַר, 1902). יאָ, דער ציוניזם איז געווען דער שבת פון זיין לעבן — זאָל הערצל ווערן דער שבת פון אונזער לעבן!

„לנתוש ולנתוץ ולהאביד ולהרוס;
לבנות ולנטוע“
(ירמיהו א׳, י׳)

# מאקס נאָרדאָו

„דאָס יידישע פאָלק האָט אַרויסגעגעבן פון זיך פיל טאַלאַנטן. — — — און צום ערשטן מאָל, נאָך 2000 יאָר, האָט דאָס יידישע פאָלק געבראַכט אַ מענטש, וועלכער איז געווען אַ וווּנדערבאַרער אייראָפּייער און גלייכצייטיק אַ הייסער ייד; וואָס די ראַדיקאַלסטע פּראָגרעס־שטרעבונגען זיינען געווען זיינע שטרעבונגען און צוזאַמען מיט דעם איז ער געווען באַשענקט מיט אַ גלענצנדן היסטאָרישן אינסטינקט; וועלכער איז געווען אַ דיכטער און אַ פּאָליטיקער לטובת זיין אייגן פאָלק; אַ פּרעזידענט, אַן אָראַטאָר, אַן אָרגאַניזאַטאָר, אַ פאַנטאַזיאָר, אַ מאַן פון טאַט, אַ פאָרזיכטיקער, אַ ווירדיקער, גרייט צו יעדן קרבן און אויך צו מסירת־נפש, נאָר אויף זיין אייגענעם חשבון. אָבער אַ טאָלעראַנטער, וואָס זיין גלייכן איז נישטאָ; שטאָלץ, גנאַדיק, זיין גאַנצע האַלטונג רופט אַרויס ערע און טראָגט דעם באַשיידן. אַ ברודער פאַר אַלע נאַאיווע און פאַר די סאַמע קלענסטע“.

* * *

אַ בוכשטאַב נאָך אַ בוכשטאַב — אַ וואָרט.
אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט — אַ זאַץ. אַ זאַץ נאָך אַ זאַץ — אַ געדאַנק. אַ געדאַנק נאָך אַ געדאַנק — און פאַר אונז איז אַן „אָדין“, אַ „הלל“, אַ לויב־געזאַנג.

— איבער וועמען איז דער לויב־געזאַנג געשריבן געוואָרן? — איבער טעאָדאָר הערצל.

— ווען איז ער געשריבן געוואָרן? — אכט טעג נאָך הערצלס טויט.

— ווו איז ער געשריבן געוואָרן? — אין „עכאָ זייאָניסט“.

— ווער האָט אים געשריבן? — מאַקס נאָרדאָו.

אַזוי איז געווען זיין קאָנטאַקט מיט הערצלען. און אויך זייער גורל איז געווען ענלעך. און אויך זייערע פעאיקייטן זיינען געווען די זעלבע.

נאָרדאָוס באַציאונג צו הערצלען איז געבליבן טריי און איז נישט געענדערט געוואָרן אויך פיל יאָרן שפּעטער. אין זיין אויטאָביאָגראַפיע, וואָס ער שרייבט צו זיין 60־טן יובילײ (1909), זאָגט ער: „מיין טייערער גוטער פריינד הערצל — ער האָט מיר געוויזן דעם וועג, אויף וועלכן איך זאָל גיין, כדי צו דערפילן מיינע פליכטן פאַר מיין פאָלק“. אין 1911 רופט ער זיך צו דערמאָנען „אין די האָפענונגסרייכע טעג פון אויגוסט 1897, ווען מיר האָבן זיך אָפּגערופן אויף טעאָדאָר הערצלס רוף און געגאַנגען קיין באַזעל“. און נאָך שפּעטער שרייבט ער: „און דער נביא און דער מנהיג איז געקומען. הערצלס רוף איז געווען אין אונזער פאָלקס־לעבן ווי אַ פרילינגס־ווינט, ווי אַ גענאַדיקער רעגן אין אַ וויסטעניש. — — — הערצל האָט געקלאַפּט אָן אויפהער אויף פאַרמאַכטע טירן. — — — —
טעאָדאָר הערצלס ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערע טאַט, וועלכע עפנט אַ נייע עפּאָכע און זיין עכאָ וועט אַריבערגיין פון דור צו דור אין אַלע שיכטן פון אונזער פאָלק. — — ער האָט צעטיילט די גלות־געשיכטע אויף צוויי טיילן — פאַרן קאָנגרעס און נאָך אים! — —

אויפן קאָנגרעס איז געשאַפן געוואָרן דער פּאַרלאַמענט פון וואַנדערנדן פאָלק". ציטאַטן פון הערצלען פילן אויס נאָרדאוס שריפטן.

נאָרדאוס באַציאונג צו הערצלען איז נישט געווען נוסח „אחרי מות קדושים אמור". נאָך אין הערצלס לעבן זאָגט נאָרדאו: „הערצלס דערשיינונג אין די שווערסטע קריזיס־טעג פון אונזער פאָלק איז אַן אצבע אלקים. די קריטישע שעה האָט געלעכצט נאָך אַ מענטש און אָט איז געקומען דער מענטש און האָט צוריקגעגעבן די האָפענונג פאַר די פאַרצווייפלטע און די קראַפט פאַר די אָפּגעשוואַכטע".

* * *

און אַזוי ווי נאָרדאו רעדט וועגן הערצל — רעדט אויך הערצל וועגן נאָרדאו. „קיין מאָל איז נאָך נישט געווען צווישן אונז אַזאַ האַרמאָניע — שרייבט הערצל נאָך נאָרדאוס אָנשלוס צום ציוניזם — ווי איצט". „איינער פון צווייטן האָבן מיר געצויגן ווערטער". „אים האָב איך דערוואָרבן אָן שוועריקייטן. און ביז היינט איז ער אפשר אונזער ווערט־פולסטער פאַרמעגן. ער וועט זיין אַ פּאַסיקער פּרעזידענט פאַר אונזער אַקאַדעמיע. אָדער פאַר אונזער בילדונגס־מיניסטעריום. ער האָט „אַ בליץ־שנעלן פאַרשטאַנד". „נאָרדאו געפינט איין, אַז מיין „יידנשטאַט" איז אַ גרויסע מדינה, זי איז ממש אַ דערפינדונג" (1896). „אַלץ וואָס נאָרדאו שלאָגט פאָר איז אַבסאָלוט גוט און מיר קענען זיך שטיצן אויף דעם" (אין צייט פון ערשטן קאָנגרעס). „עס עקזיסטירט נישט קיין שום אונטערשייד צווישן אונז ביידן. אויב דו ביסט מסכים מיט נאָרדאוס מיינונג — ביסטו מסכים אויך מיט מיין מיינונג" (אין צייט פון דריטן קאָנגרעס). „ער זעט מיך אין טייך צווישן די ברויזנדע כוואַליעס. איך שווים גוט און זיבער. ווען ער זעט מיך אין געפאַר — וויל ער שפּרינגען נאָך מיר, כדי מיך אַרויסצוציען פון דאָרט" (אין צייט פון צווייטן קאָנגרעס).

* * *

הערצל האָט געוויס פאַרשטאַנען נאָרדאוס ווערט פאַר זיין אידעאַל. נאָרדאו איז געווען אַ דענקער פאַר דורות און אַ זשורנאַליסט פאַר אַ תקופה, זיך באַשעפטיקט מיט „עולם הבא" און מיט „עולם הזה". סאָקאָלאָוו שרייבט, אַז ווען נאָרדאו וואָלט אַפילו גאָרנישט געגעבן פאַרן פאָלק — וואָלטן מיר שטאָלצירט מיט אים אַזוי, ווי מיר שטאָלצירן מיט היינע און דיזרעאלי און בראַנדעס. אָבער ער האָט פיל געלייסטעט פאַר זיין פאָלק. ער איז געווען אַ גרויסער מאַן און זיין נאָמען איז געווען פּאָפּולער.

גאַנץ אָפט דערהויבט אַ באַוועגונג דורכשניטלעכע פּערזאָנען און מאַכט זיי פאַר פּערזענלעכקייטן; אָבער עס פּאַסירט אויך, אַז אַן אָנשלוס פון אַ פּאָפּולערע פּערזענלעכקייט צו אַ באַוועגונג — דערהויבט איר פּרעסטיזש. נאָרדאו איז נישט געקומען נעמען פון ציוניזם, נאָר אים געבן — ער האָט געגעבן דעם ציוניזם זיין נאָמען. זיין נאָמען האָט פאַרמאָגט אַ מאַגנעטישן כח און אַ צוציענדע קראַפט — אַ כח, וועלכער האָט פיל דערהויבן די באַוועגונג; אַ קראַפט, וועלכע האָט געבראַכט צו איר וווקס.

אין 1873 באַזוכט נאָרדאו ענגלאַנד, איסלאַנד, שוועדן, נאָרוועגן, דענעמאַרק, רוסלאַנד, פראַנקרייך און שפּאַניען. ער באַשרייבט די אַלע ערטער, און באַווייזט אויסער זיין הערלעכן הייטישן סטיל אויך זיין שאַרפזיניקן בליק. איינער נאָכן צווייטן דערשיינען זיינע ביכער „שטודיען און בילדער אויס ווארען מיליארדענלאנדע". „פון קרעמל צור אלהאמברא", „פּאַריז אונטער דער דריטן רעפּובליק", „זייף־בלאָזן", „די קאָמעדיע פון געפיל", „די געגעראַציאָן קראַנקייט" און „דעם מענשנס זעלע באַוועגונג".

אָבער איבערהויפּט איז ער באַקאַנט דורך זיינע ביכער „די קאָנווערציאָנעלע ליגן דער קולטורמענשהייט", „ענטאַרטונג", „פּאַראַדאָקסן" (איבערזעצט אין העברעאיש דורך ברייגין און אין יידיש דורך קארלינסקי), און „דער זינען דער געשיכטע", ווו נאָרדאו

מאַכט צוניכשט די גאַנצע קולטור פון ענדע 19=טן יאָרהונדערט. דער פּאַריזער פּאָליציסט, די אַמעריקאַנער חתונה, דער כינעזישער דיפּלאָמאַט, דאָס פּאַמיליען=לעבן, די יוגנט, די פּרוויליינס, דער דעקאַדענטישער שרייבער מיט זיין איבעראַל הערשנדן עגאָאיזם — אַלץ אַ סימבאָל פון „מאָראַל“ און „אויפשטייג“ פון סוף 19=טן יאָרהונדערט, מיט וועלכע די וועלט שטאָלצירט.

פון די היסטאָריקער און היסטאָריאָסאָפן מאַכט נאָרדאַו אַ חוכא ואטלולא, פון די וועלט=באַרימטע שרייבער — אַ שוטא דיגוקא. אַלע שטערנס פון שלום 19=טן יאָרהונדערט זיינען גאָר קטלי קני באגמא. פון טאָלסטוי, וואַגנער, סטרינדבערג, בודלער, איבסן, הויסמאַן, באַרעס, ווערלאַן, מעטערלינג, מאָפּאַסאַן, אייזנער, גאַנקאַר, „זאָלאַ און זיין אסקאַלא“ און פון פיל אַנדערע מאַכט נאָרדאַו אויסצודרייען.

און וואָס זעט נאָרדאַו אין ניטשעס סטיל? — „אַ לצנותדיקע שפּראַך אָן קיין שום מיצם“, „אַ משוגענע פּראַזעאָלאָגיע“ א.אַז.וו.

און וואָס זעט ער אין ניטשעס שריפטן? — „אַ משוגענע פילאָזאָפיע“, „אַ שוואַכע־עפלדיקע פלאַפּלעריי“, „אַ מעקעריי און אַ ווערטער=גיסעריי“, „אַן אַבסורדישע פלאַכקייט“, „אַ פּשוטע גראָבקייט“, „נאַרישע באַן=שמועסן“, „אַ סאַפּיסטישע האָכשטאַפּלעריי ביי אַ גלעזל טיי“, „משוגעדיקע ווייבער=געשפּרעכן“ א.אַז.וו.

און וואָס זעט ער אין ניטשעס „איבער=מענטש“? — „אַ פאַרברעכער, אַ מערדער און אַ קנעכט פאַר זיין משוגענעם יצר=הרע“.

און וואָס איז ניטשע אַליין אין נאָרדאַוס אויגן? — „אַ משוגענער פּאַגראָמשטשיק“.

און אינטערעסאַנט: אין יאָרן אַרום איז טאַקע ניטשע אַראָפּ פון זינען; און זיין „איבער=מענטש“ האָבן מיר געזען אין היטלערס פּאָרם...

נאָרדאַו איז נישט געווען קיין פּשרה=מענטש. זיין אמת האָט ער שטענדיק טריי געדינט. זיין קריטיק האָט גורם געווען ער זאָל מער נישט זיין פרעזידענט פון די אינטערנאַציאָנאַלע שרייבער און זשורנאַליסטן=קאָנגרעסן; די פאַרשפּרייטונג פון זיינע „קאָנווענציאָנעלע שקרים“ איז געווען פאַרבאָטן אין עסטרייך און אין רוסלאַנד אויף אַזוי ווייט, אַז אַפילו אין געשעפטן ווו מאַרקס „קאַפּיטאַל“ איז אויף אַ געהיימען אופן פאַרקויפט געוואָרן — האָט מען זיך געשראָקן צו האַלטן די „קאָנווענציאָנעלע שקרים“; די געטראָפענע קריטיקירטע האָבן געזען אין נאָרדאַו אַ „קולטור=פלעבייער“ און אין זיינע ווערק — „פלוידערייען“. אָבער נאָרדאַו האָט זיך באַצויגן גלייכגילטיק צו דעם אַלעם. זיינע ווערק זיינען דאָך איבערזעצט געוואָרן אין פיל שפּראַכן. אַלע זיינע דיקע ביכער זיינען אַרויס אין פיל אויסגאַבעס („די קאָנווענציאָנעלע שקרים“, צום ביישפּיל, זיינען דערשינען אין איבער 20 אויסגאַבעס). און נאָך יעדער נייער דערשיינונג אין דער ליטעראַרישער וועלט — האָבן אַלע געוואַרט מיט שפּאַנונג אויף נאָרדאַוס וואָרט.

נאָרדאַו דערגרייכט דעם שפּיץ פון פּאָפּולאַריטעט. מיט זיין נאָמען קלינגט די גאַנצע וועלט. זיין נאָמען גייט פאַר אים — פאָרויס און פאַרוועטס.

און מיט אַמאָל — ברענגט הערצל דעם מאַן צו אונז.

און מיט אַמאָל — זאָגט נאָרדאַו: „שטיל זיינען מיר געזעסן ביי אונזער אַרבעטס=טיש, ביז אַ שטיין איז געפאַלן אין אונזער פענצטער און אונז דערמאָנט, אַז מיר זיינען יידן“...

* * *

נאָרדאַו, דער קריטיקער פון „מאָראַל“ ביים שלום פון 19=טן יאָרהונדערט, זעט, אַז די פאַלשע אידעאַלן פון דער עפּאָכע האָבן אויך זיין פאָלק פאַרפירט. אַזוי אַרום ווערט נאָרדאַו נאָך מער אויפגעברויזט אויף דער „מאָדערנער“ וועלט. „די עמאַנסיפּאַציע פון די יידן איז נישט געקומען אַלס רעזולטאַט פון אַן אָנערקענונג פון די פעלקער, אַז זיי זיינען באַגאַנגען אַ קרימינעלן פאַרברעכן לגבי דעם יידישן פאָלק —— דאָס איז געווען אַ ראַציאָנעלע מסקנה באַזירט בלויז

איף די יסודות פון קאַלטער לאָגיק, אָן אַ לעבעדיקן געפיל. — — דער מאַסן־געפיל איז געווען קעגן דער גלייכבאַרעכטיקונג, אָבער די פילאָזאָפיע פון דער רעוואָלוציע האָט געפאָדערט צו געבן די פּרינציפּן דעם פּרימאַט לגבי די געפילן. — — מען האָט אונז באַפרייט צוליב פּרינציפּן־רייטעריי. — — דער געטאָ האָט אויפגעהאַלטן דעם יידנטום אין די שווערסטע טעג פון מיטל־אַלטער. — — דאַן האָבן די יידן זיך גאָרנישט גערעכנט מיט דער מיינונג פון דער אויסערלעכער וועלט. — — אָנשטאָט דער יידישער אָפּגעזונדערטקייט איז איצט געקומען די צופּאַסונג צום גוי. — — די געטאָ־וועלט האָט דער ייד פאַרלאָזט, די נייע וועלט איז פאַר אים פאַרשפּאַרט, און קיין באָדן אונטער זיינע פיס האָט ער נישט" (אויפן ערשטן קאָנגרעס). „מיר שרעקן זיך פאַר דער רעאַקציע, אָבער מיט איר פאַרניכטונג זיינען מיר נאָך נישט צווישן די זיגער" („דער עכאָ פון טומל"). „דער 19־טער יאָרהונדערט איז געווען די צערפאַל־עפּאָכע פון יידישן פאָלק, וועלכער איז געווען גרייט מוותר צו זיין אויף זיין עבר און עתיד, אויף זיין עצם־עקזיסטענץ אַלס פאָלק, אַלס דאַנק־אויסדרוק צו די אייראָפּעאישע פעלקער, וועלכע האָבן אים, כלומרשט, אָנערקענט אַלס זון" („דאָס יידנטום אין 19־טן און 20־טן יאָרהונדערט"). „אַזוי לאַנג ווי די יידן־פראַגע איז נאָך נישט געלייזט — איז די גאַנצע ציוויליזאַציע נאָר אַ בלאָף און אַלע דיפּלאָמאַטישע קאָנפערענצן וועגן מענטשלעכע רעכט זיינען אַ קאָמעדיע" (אויפן אַכטן קאָנגרעס).

* * *

נאָרדאַו, וועלכער איז געווען ווייט פון יידנטום פון זיין 16 יעריקן עלטער ביזן 40־טן לעבנס־יאָר, קומט צו זיין פאָלק און שטעלט זיך אָפּ אויף זיין טראַגעדיע. „איך האָב אַ שפּרונג געטאָן און אַ קוק געטאָן אין דרויסן, זייענדיק זיכער צו געפינען מיין באַליידיקטן יידישן פאָלק באַוואָפנט און ווירדיק, גרייט צו העלדן־טאַטן. — — אָבער גאָר אַן אַנדער בילד האָב איך געזען — — די מאַסן האָבן זיך באַהאַלטן לעבן די ווענט מיט געבויגענע רוקנס, בעטנדיק רחמנות. — — צו מיין גליק האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר דער ציוניזם מיט זיינע שטאָלצע מענטשן, וואָס דער גרעסטער פון זיי איז מיין פריינד הערצל. אויף די באַזעלער קאָנגרעסן האָב איך דערקענט אַן אַנדער סאָרט יידנטום". (ווינער רעדע).

„ביים שלום פון 19־טן יאָרהונדערט איז דאָס יידנטום אַ גערודפטער און באַעוולטיגטער שבט פון אבוינים, טראָץ דעם, וואָס דער ייד איז פעאיקער און פלייסיקער" פון אַנדערע. „מען באַשולדיקט אים הלמאַי ער שפּרינגט בראש, און ער שפּרינגט דאָך בראש, ווייל מען באַרויבט זיין גלייכבאַרעכטיקונג. — — מען גלויבט, אַז דאָס יידנטום הערשט איבער דער וועלט און קאָנצענטרירט אין זיך דאָס גאַנצע געלט און רייכטום. אָט די יידן, וועלכע זיינען נישט ביכולת אַפילו צו באַשיצן זייערע ברידער פון די רויב־טאַטן מצד געבעכדיקע אַראַבער און מאַראָקאַנער, דווקא די יידן זיינען די שרעקלעכע וועלט־הערשער! די יידן, וואָס אַ העלפט פון זיי האָט אַפילו נישט קיין שטיין פאַר זייער קאָפּ און קיין שמאַטע פאַרן קערפּער, דווקא זיי זיינען דאָס געלט אַליין!" („די אַלגעמיינע לאַגע דער יודן" אויפן ערשטן קאָנגרעס).

עס איז נישט באַרעכטיקט צו אורטיילן אונזער פאָלק לויטן קריטעריום פון „דעם נוצן, וואָס מיר ברענגען" פאַר דער וועלט — „דאָס פאָלק עקזיסטירט פאַר זיך און נישט פאַר אַנדערע" (5־טער קאָנגרעס). „דאָס פאָלק האָט נישט קיין אַנדער אויפגאַבע, ווי צו לעבן און צו אַנטוויקלען זיינע אָריגינעלע אייגנשאַפטן, נישט וועלנדיק און נישט וויסנדיק פילט ער דאַן במילא אויס די פונקציע אין דער אַלגעמיינער געשיכטע. — — נאָר אַ פרייער, שטאַרקער און לעבנס־ליבהאָבנדער יידנטום וועט ווערן אַ נוצבאַרער שותף אין קולטורעלן פראָגרעס פון דער מענטשהייט". וואָס האַלט אויף אונזער פאָלק? האָפענונג, אידעאַל, משיחישער גלויבן. דאָס איז דער סוד פון אייביקן פאָלקס־עקזיסטענץ

אָן אַן אידעאַל קען אַ פֿאָלק לאַנג נישט עקזיסטירן. — — דאָס רוימישע פֿאָלק האָט באַקומען פֿון זיינע פירער אַן אידעאַל פֿון „פּאַנעם עט צירצענזעס" (ברויט און פֿאַרווילונג) — — דאָס האָט געבראַכט זיין אונטערגאַנג.

אין דער זעלבער צייט האָבן די נביאים געגעבן פֿאַר אַ קליינעם פֿאַרשקלאַפֿטן פֿאָלק אין אַזיע אַ ווייטע אומפֿאַסבאַרע הבטחה, און דאָס פֿאָלק לעבט נאָך מיט אונדז אויך היינט". („האידיאל ההכרחי").

דער משיחישער גלויבן האַלט אויף אונדזער פֿאָלק. אָבער דער ציוניזם בויט אים אויף. „דער סוף פֿון די יידישע קעגנער צום ציוניזם איז אונטערגאַנג — — דערפֿאַר זאָל נישט גערעדט ווערן וועגן אַ ציוניסטישער פּאַרטיי אין יידנטום! — — דער ציוניזם איז נישט קיין פּאַרטיי, ער איז דאָס יידנטום אַליין! דער ציוניזם איז נישט קיין כשוף=מאַכער. דער ציוניזם איז נישט קיין גאָלד=גרוב. איר זייט דער ציוניזם!" („דער ציוניזם און די קאָלאָניעס אין ארץ=ישראל"). „דער 20=טער יאָרהונדערט דאַרף קאָנצענטרירן די אַלע געזונטע און לעבעדיקע עלעמענטן פֿון יידישן פֿאָלק. די אַלע, וועלכע ווילן פֿאָרזעצן זייער פֿאָלקס=קיום אין גייסט פֿון זיינע אייביקע אידעאַלן" („דאָס יידנטום אין 19=טן און 20=טן יאָרהונדערט").

דער ווידעראויפֿבוי פֿון פֿאָלק קאָן געהאָלפֿן ווערן דורכן אַנטיסעמיטיזם דווקא: „אויב עס איז אמת, אַז דער גאַנצער קריסטנטום וויל פּטור ווערן פֿון אונדז — — איז דאָס דער גרעסטער אַרגומענט פֿאַר דער גערעכטיקייט און נויטווענדיקייט פֿון ציוניזם" („די קעגנער פֿון ציוניזם"). „דער אַנטיסעמיטיזם קאָן העלפֿן פֿאַר דער מאַסן=עמיגראַציע קיין ארץ=ישראל — מען וועט קאָנען אַריבערפֿירן דאָס יידנטום קיין ארץ=ישראל, אין גאָר גרויסע מאַסשטאַבן" („די אויפֿגאַבע פֿון ציוניזם"). „מיר ווילן באַזאָרגן די ווייניק=באַוווינטע ארץ=ישראל מיט מיליאָנען פֿלייסיקע מענטשן — די ציוניסטישע שטרעבונג איז צו גרינדן אין ארץ=ישראל אַ יידישע מדינה, וועלכע וועט פֿאַרזיכערן עקזיסטענץ=מעגלעכקייטן פֿאַר אַכט, אָדער צען מיליאָן יידן, וועלכע וואַרטן אויף עליה" (אויפֿן אַכטן קאָנגרעס).

נאָרדאַו גלויבט נישט אין אַ קליינעם באַנטשי=שווייג ציוניזם, וועמענס גאַנצער חלום איז „אַ בולקע מיט פּוטער"; נאָרדאַו קעמפֿט פֿאַרן גרויסן הערצליאַנישן פּאָליטישן ציוניזם.

האָבנדיק דיזן קאַמפֿס=מענטש, וועט דערמעגלעכט ווערן די אַרבעט פֿון פּאָליטישן ציוניזם. דער ציוניזם איז נישט „אַ קליינער קאָלאָניזאַטאָרישער ווערק" (אויפֿן 9=טן קאָנגרעס). „דער פּאָליטישער ציוניזם איז טאַוטאָלאָגיע. אַ ציוניזם, וועלכער וועט נישט זיין פּאָליטיש, וועט בכלל קיין ציוניזם נישט זיין". דער פּאָליטישער ציוניזם מוז דערקלערן דער גוייִשער וועלט, אַז אין יעדער זאַך גייען מיר אַרויס פֿון אַן עכט יידישן שטאַנדפּונקט" (אויפֿן 7=טן קאָנגרעס).

* * *

נאָרדאַו איז געווען מיט 10 יאָר עלטער פֿון הערצל. דאָך האָט ער זיך געשטעלט אין דינסט פֿון הערצלען און געוואָרן זיין געהילף. נאָרדאַו וויל די „באַזעלער פּראָגראַם" זאָל זיין מאַקסימאַליסטישער, און צוליב הערצלען איז ער מוותר אויף זיין ווונטש. נאָרדאַו איז קעגן דעם „אוגאַנדאַ=פּלאַן", און צוליב הערצלען פּאַרטיידיקט ער דעם פּלאַן. נאָרדאַו טרעט אַרויס קעגן די יידישע בורזשואַזיע און קעגן דעם וואַטיקאַן, און נעמט אָן הערצלס באַמערקונג צו זיין פֿאָרזיכטיק (זע שלום שורץ „הרצל באגרותיו"). נאָרדאַו מיינט, אַז מען דאַרף ברענגען פֿאַרן צווייטן קאָנגרעס די שווערע פֿינאַנסיעלע לאַגע פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, און ווען הערצל איז קעגן דעם, כדי נישט צו באַווייזן אונדזער שוואַכקייט — זיגט הערצל. הערצל בעט נאָרדאַו זאָל ענטפֿערן אויף אחד=העמס קריטיק איבער „אַלטנייַלאַנד", און נאָרדאַו דערפֿילט זיין פֿליכט. הערצל בעט נאָרדאַו זאָל ווערן פּרעזידענט פֿון די פֿראַנצויזישע ציוניסטן, און נאָרדאַו נעמט אָן דעם אַמט

קענען זיין ווילן. נאָרדאַו האַלט זיינע גלענצנדע רעדעס איבערן יידנטום אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן, אונטערהאַנדלט מיט די פראַנצויזישע יידן, מיט הרב צדוק הכהן, מיט נארסים לעווין פון „אַליאַנס“, מיט באראָן ראָטשילד א.אַ. — אַלץ לויט הערצלס ווונטש.

אָבער קיין נייע אידייע האָט נאָרדאַו נישט געשאַפן — ער האָט פּראָפּאַגאַנדירט פאַר הערצלס אידייע. אַזוי אַרום, אַז מען קען שרייבן וועגן הערצל אויך נישט דערמאָנענדיק נאָרדאַו, אָבער מען קען נישט שרייבן וועגן נאָרדאַו, נישט דערמאָנענדיק הערצל.

הערצל און נאָרדאַו — ביידע אין בודאַפּעשט געבוירן, ביידע קאָרעספּאָנדענטן פון דייטשישע צייטונגען אין פּאַריז, ביידע געקומען צום ציוניזם צוליב דעם אויפברויזנדן אַנטיסעמיטיזם, ביידע פּאָליטישע ציוניסטן — „הנאהבם והנעימים בחייהם“.

די טרייקייט צו הערצלען רופט אַרויס נאָרדאַוס קעגנערשאַפט צו ווייצמאַן, וועלכער האָט צוזאַמען מיט זיין „דעמאָקראַטישער פראַקציע“ פאַרביטערט הערצלס לעבן. נאָך הערצלס טויט איז דער קאַמף געוואָרן שאַרפער. 3 יאָר נאָך זיין טויט דיסקוטירט מען אויפן קאָנגרעס אין האַג איבער הערצלס פּאָליטישן ציוניזם; 2 יאָר שפּעטער נעמט מען שוין אָן אין האַמבורג ד"ר אָפּנהיימערס פּלאַן וועגן פּראַקטישן ציוניזם; 2 יאָר שפּעטער און דער 10־טער קאָנגרעס אין באַזעל (1911) גיט אָפּ ענדגילטיק די מאַכט דעם פּראַקטישן טייל און ד"ר וואַרבורג ווערט פּרעזידענט פון דער אָרגאַניזאַציע, פאַר וועלכער הערצל האָט מקריב געווען זיין פאַרמעגן און לעבן. נאָרדאַו רוט נישט. ער איז קעגן „אַנטילאָגישע האַלבע וועגן“ (אויפן האַגער קאָנגרעס). „אַ פּשרן, וועלכער שטייט אויף צוויי שטולן, איז אַ האַלבער ציוניסט און פאַר אים איז ביי אונז קיין אָרט נישטאָ — — ווייל דאָס הייסט אַנטלויפן פון ציוניזם“ (1911). ער בענקט נאָכן ערשטן קאָנגרעס, וועלכער איז געבליבן אין זיין זכרון אַלס „פרילינגס יום־טוב און אַ וונדער־דערציילונג“. צום עלפטן קאָנגרעס דערשיינט ער בכלל נישט אַלס פּראָטעסט.

עס ברעכט אויס די ערשטע מלחמה. מאַקס נאָרדאַו, דער זון פון הרב ר' גבריאל זידפעלד, ווערט באַטראַכט אַלס „נאַציאָנאַליצער דייטשער שרייבער“ און ווערט פאַרשיקט פון פּאַריז אַלס פּאָליטישער גולה קיין שפּאַניע. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז גלייכגילטיק צו זיין גורל. מען מאַכט די צוגרייטונגען צו דער באַלפור־דעקלאַראַציע, און מיט הערצלס רעכטער האַנט באַראַט מען זיך נישט.

די באַלפור־דעקלאַראַציע איז שוין געגעבן. נאָרדאַו זאָגט: „אונזער ציוניסטישע לאַגע איז קאַטאַסטראָפאַל. קיין מאָל האָט נאָך אַ גרויסע מדינה נישט געפעלשט אירע התחייבותן, ווי דאָס איז געמאַכט געוואָרן לגבי אונזער פאָלק“ און מען לאַכט אים אויס. ער זאָגט אין לאָנדאָנער אַלבערט־האָל אין באַלפורס אָנוועזנהייט, אַז דאָס יידישע פאָלק איז גרייט צו פריינדשאַפט מיט ענגלאַנד (אויב זי וויל), אָבער איז אויך גרייט צו פיינטשאַפט (אויב זי וויל), און מען פאַרשרייט אים אַלס „עובר בטל“. ער פאָדערט אַריבערצופירן זאָפאָרט 600 טויזנט יידן קיין ארץ־ישראל, כדי צו שאַפן „אונזערע אַ מערהייט און אַפילו אין אַ נישט גרויסן פּראָצענט — אם תרצו אין זו אגדה“; און מען טראָגט אַרויס זיין אַרבעטס־טיש אין קאָרידאָר פון דער לאָנדאָנער ציוניסטישער ביוראָ. ס'שאַפט זיך אַ טיפּ פון אַ פּראָפעסיאָנעלן פּאָליטיקער, אין וועלכן נאָרדאַו האָט געזען נאָך אין 1883 („קאָנווענציאָנעלע שקרים“) דעם נידעריקסטן טיפּ מענטש.

נאָרדאַו, וועלכער איז שטענדיק געווען באַשיידן, וועלכער האָט מיט שוועריקייטן מסכים געווען צו קומען אויף דער דערעפענונג פון ערשטן קאָנגרעס מיט אַן עלעגאַנטן קאָסטיום, וועלכער האָט (לויט דער עדות פון זיין שאַכטער) נישט געוואָלט קויפן אַ נייע הוט, וועלכער איז קיין מאָל נישט געווען קיין אויסברענגער — זיין גאַנצער פאַרמעגן

גייט אונטער; און די אָפיציעלע ציוניסטישע אינסטאַנצן לעבן זיך אַ גוטן טאָג...

נאָרדאַו לעבט 19 יאָר נאָך הערצלס טויט. אין עלטער פון 74 יאָר פאַרלאָזט ער די וועלט. אַ נאָמען, מיט וועלכן די גויישע וועלט האָט געקלונגען, האָט מען ביי אונז באַשמוצט. מיט פרייד איז ער צו אונז געקומען און מיט פיין איז ער פון אונז אַוועק. און אַזוי ווי מען האָט ביי אונז פאַרביטערט זיין לעבן — האָט מען אויך פאַרביטערט זיין טויט: גויים האָבן אים צו זיין אייביקער רו באַגלייט, אָבער קיין ציוניסטישער פאָרשטייער איז צו זיין לויה נישט געקומען. און אַזוי ווי מען האָט „באַערט“ זיין טויט — באַערט מען זיין אָנדענק: מיט רעכט ברויזט אהרן ורדי, פאַרוואָס האָט מען נאָך נישט איבערזעצט נאָרדאַו אין איין העברעאישן זאַמל־בוך...

אין עלטער פון 14 יאָר דערשיינט ער אַלס זשורנאַליסט, אין עלטער פון 21 איז ער שוין רעדאַקטאָר פון אַ צייטונג, דער גרעסטער זשורנאַליסט אין זיין דור, פון די גרעסטע וועלטלעכע שרייבער, דער פערפעקטער לאַטייניסט, דער שעפער פון רייכסטן דייטשן סטיל, דער פילאָזאָף און דאָקטאָר, דער פיזיאָלאָג און פסיכאָלאָג, דער זשורנאַליסט פאַר זיין תקופה און דענקער פאַר דורות — ער האָט געבראָכן די נישט־מאָראַלישע מאָראַל פון 19־טן יאָרהונדערט, כדי צו בויען די אמתע מאָראַל; ער האָט געבראָכן די יידישע אַסימילאַציע, כדי צו בויען דעם יידישן נאַציאָנאַליזם; ער האָט געוואָלט ברעכן אויך די וויצמאַניסטישע שיטה, כדי צו בויען דעם הערצליאַנישן ציוניזם; און דאָ איז ער צעבראָכן געוואָרן...

אין 1923 שטאַרבט דער יצרשטער הערצליאַנער — מאַקס נאָרדאַו.

„קול קורא: במדבר פנו דרך ה', ישרו בערבה מסלה לאלהינו!“

(ישעיהו מ', ג')

# זאב זשאַבאָטינסקי

## א. אין די הימלען האָט מען געוואַרט...

מעגלעך, אַז אין די הימלען האָט מען געוואַרט אויף זיין געבורט, ווייל ווי וואָלט אויסגעזען דאָס יידישע פאָלק, ווען ער וואָלט נישט געבוירן געוואָרן?!

דעם לעגיאָן וואָלטן מיר נישט געהאַט. און במילא צו דער באַלפור-דעקלאַראַציע נישט געקומען.

דעם באַשיצער פון ירושלים וואָלטן מיר נישט געהאַט. און במילא וואָלט די אידייע פון יידישן רעוואָלט נישט אַנטשטאַנען, און די יידישע מדינה וואָלט נאָך נישט געווען.

דעם בית"ר וואָלטן מיר נישט געהאַט. און במילא וואָלט די יידישע יוגנט נישט געלערנט די לערע פון אַ נייער נאַציע.

דעם הצה"ר וואָלטן מיר נישט געהאַט. און במילא וואָלט הערצלס יידנשטאַטלעכער געדאַנק פאַרגעסן געוואָרן.

דעם ארגון צבאי לאומי וואָלטן מיר נישט געהאַט. און במילא וואָלט דער ענגלענדער אין ארץ-ישראל געבליבן.

דעם נביא וואָלטן מיר נישט געהאַט. און במילא וואָלט נישט געווען ווער עס זאָל רופן צו ליקווידאַציע פון גלות און צו דער אויפריכטונג פון אונזער זעלבסטשטענדיקייט אויף ביידע זייטן פון ירדן.

און ער איז געבוירן געוואָרן. און ער איז געווען. און מיר האָבן אים געהאַט.

במילא האָבן מיר געהאַט דעם לעגיאָן, דעם יידישן זעלבסטשוץ, דעם בית"ר, דעם אצ"ל, דעם נביא.

און היינט האָבן מיר שוין אויך די יידישע מדינה אין אַ טייל פון ארץ-ישראל. און היינט קעמפט אַ יידישע אַרמיי אין ירושלים און אין נגב און אין גליל. די ערשטע עטאַפן פון זיין טרוים ווערן פאַר אונזערע אויגן פאַרווירקלעכט. מיר וועלן נאָך זיכער זען ווי זיין טרוים ווערט פאַר אונזערע אויגן בשלמות רעאַליזירט.

אָבער ער, דער פאַרשריִענער נביא, ער איז שוין נישטאָ. ער זעט נישט. אָבער זיין גייסט שוועבט איבער יעדן ווינקעלע פון דער מדינה. זיין פונק פלאַמט אין האַרצן פון יעדן יידישן זעלנער.

„איבערגעוואַלד ווערסטו געבוירן“, „בעסער איז פאַר דעם מענטש נישט געבוירן צו ווערן“ — אַזוי ווערט געזאָגט.

ניין, זאב זשאַבאָטינסקי איז געוויס נישט איבערגעוואַלד געבוירן געוואָרן. אַפילו וויסנדיק זיין שווערן גורל אויף דער וועלט — האָט ער געוואוסט, אַז אַלע ליידן זיינען כדאי, כדי דאָס פאָלק צו באַפרייען.

ניין, פאַר אונז איז בעסער, אַז זאב זשאַבאָטינסקי איז יאָ געבוירן געוואָרן. יעדער איינער פילט עס. יעדער איינער פאַרשטייט עס. יעדער איינער ווייסט עס.

ווייל ווי וואָלטן מיר היינט אויסגעזען, ווען נישט ער?...

שטענדיק וועלן מיר דערמאָנען דעם פאָלק — הן אין טאָג פון זיין געבורט, הן אין טאָג

פון זיין טויט, יעדן טאָג און טאָג — ווער ער איז געווען.

ווייל אין די הימלען האָט מען אויף אים געוואַרט, ביז ער איז געקומען.

## ב. דער הערצליאַנער

„א דיכטער קלענער ווי היינריך היינע, א רעדנער נישט אַזוי ווי דיזרעאלי, אַ טרוימער נישט אַזאַ גרויסער ווי די קריסטין עליאָט, אלס עקאנאם איז באראן הירש געווען גרעסער פון אים. דאך איז ער געווען גרעסער פון יעדן איינעם פון זיי, קאנצענטרירנדיק אין זיך די אלע פעאיקייטן צוזאמען. און נאך עפעס איז געווען אין אים. זיין גייסט האט געשוועבט אויף דער בייער און אַנטוויקלטסטער קולטור פון מערב־אייראָפּע און זיין האַרץ האָט געקלאַפּט טאַקט ביי טאַקט מיט די אמייסטן ארטאדאקסישע יידן אין מזרח־אייראָפּע" — אַזוי שרייבט מאַקס נאָרדאַו ביים אנהויב פון זיין ארטיקל אין „לעקא זייאַניסט" וועגן טעאדאר הערצל אכט טעג נאך דעם טויט פון לעצטן.

און אזוי און מיט די ווערטער קענען מיר אנהויבן אונזער אפהאנדלונג איבער זאב זשאבאטינסקי. ווייל א דיכטער איז ער געווען, און אויך אַ רעדנער, און אַ טרוימער געווים און אן עקאנאם איז ער אויך געווען.

„א דיכטער איז ער געווען" — וועגן דעם זאגן דאך עדות זיינע ווונדערבארע לידער.

„און אויך א רעדנער" — ווער געדענקט נישט זיינע רעפעראַטן, און ווער איז נישט באַגייסטערט געוואָרן פון זיי?!

„און אַ טרוימער" — אין דעם זיינען דאך מודה אפילו זיינע קעגנער. זיי זאגן דאך, אַז ער איז געווען נאָר אַ טרוימער.

„און אן עקאנאם איז ער אויך געווען" — וועגן דעם קענען דאך באשטעטיקן זיינע אויסטרעטונגען פאר דער פיל־קאמיסיע, זיינע ארטיקלען וועגן דער אויפנאמס־פעאיקייט פון אר"י א.א.וו.

און נישט סתם אזוי הויבן מיר אן מיט א ציטאטע וועגן הערצל. מיר טוען עס צוליב דעם, ווייל פיל ענלעכקייט איז דא צווישן די צוויי מנהיגים, הערצל און זשאבאטינסקי.

ביידע פון דערווייטנס זיינען זיי צו אונז געקומען. ביידע ווייט פון תחום־המושב. ביידע פריי אין גייסט. ביידע באַוווסטע פּיִליעטאָניסטן. ביידע ערנסטע זשורנאַליסטן. ביידע יוריסטן. ביידע האָבן זיי אַלץ פּאַר אונז מקריב געווען. ביידע זיינען זיי אונז געקומען באפרייען.

אבער נישט נאר דאס. זשאבאטינסקי האט אמאל גערעדט וועגן תרומפלדור. און ער שטעלט זיך אפ צוו. אנד. וועגן דעם געדאנק פון „קדיש" — דער קדיש געהערט מער דעם געשטארבענעם ווי דעם לעבעדיקן. און זאגן „קדיש" מעג נאר דער, וואס גייט ווירקלעך אין די דרכים פון פארשטארבענעם. און זשאבאטינסקי — מיט וואס איז ער געקומען? וואס פאר א חדוש האט ער אריינגעבראכט? ער איז געקומען מחדש זיין דאס אלטע. ווען די אפיציעלע ציוניסטישע פירערשאפט איז אוועק פון הערצלס דרכים, און נישט געזען דעם יידנשטאט אלס דעם ענדציל פון ציוניזם—דאן איז ער געקומען מיט זיין רוף: צוריק! צוריק צום אלטן! צוריק צום מקור! צוריק צום קוואל פון „יידנשטאט"! צוריק צו הערצל — צו זיין ציוניזם, צום הערצליאנישן ציוניזם, צום פאליטישן ציוניזם, צום גרויס־ציוניזם! יא, זשאבאטינסקי, דער טרייער הערצליאנער, איז געווען בארעכטיקט צו זאגן דעם „קדיש" נאך הערצל, ווייל ווען נישט זשאבאטינסקי — וואלט אויך הערצל פארגעסן געווארן.

און אינטערעסאנט: אויך די באגריפן זיינען געווען כמעט די זעלבע. הערצל האט געזען צוויי סאָרטן אין אַנטיסעמיטיזם, דעם אָביעקטיוון און דעם סוביעקטיוון. און אויך זשאבאטינסקי האט געזען צוויי סארטן אין אנטיסעמיטיזם — דער אנטיסעמיטיזם פון זאכן און דער אנטיסעמיטיזם פון מענטשן, ווי מיר וועלן זיך באמיען אויפצוקלערן שפעטער.

הערצל האָט גערופן צו אַן „עקזאדוס", צו אַ מאָדערנע יציאת־מצרים, און זשאַבאָטינסקי האָט גערופן צו „עוואַקואַציע".

די זעלבע געדאנקען. כמעט אויך די זעלבע טערמינען און באגריפן פאר דעם זעלבן צוועק — „יידנשטאט“.

דערפאר געפינען מיר טאקע אין זשאבאטינסקים „ספור ימי“ פאלגענדן אבזאץ:

„בעת דעם זעקסטן קאנגרעס האט הערצל געלאזן אויף מיר א קאלאסאלן איינדרוק. נישט אזוי לייכט בוק איך מיך פאר א פערזענלעכקייט. פון אלע מיינע לעבנס-דערפארונגען געדענק איך נישט קיין איין מענטש, וועלכער זאל מאכן אויף מיר וואס פאר א נישט איז איינדרוק, נישט פאר הערצלען און נישט נאך אים. אבער דא האב איך געפילט, אז איך שטיי פאר דעם אויסדערוויילטן פון גורל, א נביא און מנהיג מיט גאטס גענאד, וואס אויך באגיין פעלערן און בלאנדזשן איז כדאי נאך אים. ביז היינט דוכט זיך מיר, אז זיין שטימע קלינגט נאך אין מיינע אויערן. ווען ער האט געשווירן פאר אונז אלעמען: „אם אשכחך, ירושלים...“

און כדאי איז אויך צו דערמאנען זשאבאטינסקים ליד צום אנדענק פון הערצל — „הספד“, וו ער פארזיכערט דעם פארשטארבענעם מנהיג, אז זיינע אידעאלן וועלן פארזיכערט ווערן ביז זייער פולער פארווירקלעכונג:

„אך — חי השם! —שירך יושר עד תום“

## ג. אין וואס באשטייט זייז גרויסקייט?

גרויס זיינען זיי געווען, די פאטערס פון פאליטישן ציוניזם — הערצל, נארדאו און זשאבאטינסקי — גרעסער פון די גרעסטע. ווייל אפילו דיזרעאלי — וואס איז ער אין באצוג צו זיי? דיזרעאלי איז געווען גרויס אין אן עקזיסטירנדער מדינה, וואס האט געהאט אלע נויטיקע באדינגונגען צום וואקס און אויפשטייג; און זיי זיינען געווען פאליטיקער, וואס האבן געדארפט וועקן זייער צעזייטן און צעשפרייטן פאלק, אים קאנצענטרירן אין איין ארט, שאפן אים אן ארמיי און א מדינה און א רעגירונג. און דאס אין א לאנד, ווען זייער פאלק פארשטייט זיי נישט, ווען די וועלט איז פול מיט האס און מיט שפאט, ווען זייערע מתנגדים זיינען ווייט נישט געווען אין דעם מצב פון „שב ואל תעשה“, ווען אפילו זייערע חסידים זיינען געווען פול מיט ספקות נוסח „נראה מה יהיו חלומותיהם“!

יא, גרויס איז געווען הערצל און גרויס איז געווען זשאבאטינסקי.

זיכער וועלן אלע מסכים זיין מיט אונזער פעסטשטעלונג לגבי דעם ערשטן; נישט זיכער איז אבער, צי אלע וועלן מסכים זיין מיט אונזער פעסטשטעלונג לגבי דעם צווייטן.

טא ווילט זיך דא טאקע אויפקלערן וואס דאס איז אזוינס א גרויסער מענטש.

איינע פון די פיל מיינונגען וועגן דער א פראגע זאגט אומגעפער אזוי:

א גרויסער מענטש איז דער, וואס פאראייניקט אין זיך די פאלגנדע דריי אייגנשאפטן צוזאמען: לאגיק, געפיל און טאט.

„לאגיק, געפיל און טאט“ — פארוואס?

ווייל פיל מענטשן זיינען דא, וועלכע האבן א געזונטע לאגיק. זיי טראכטן פיל, און טוען ווייניק. פארזיכטיק זיינען זיי מיט יעדן ווארט, נוסח „טהינק טוויס בעפאר יו ספיק אואנס“ (טראכט צוויי מאל איידער דו רעדסט איין מאל!). אדער אין אונזער העברעאישן סטיל — „סוף מעשה במחשבה תחילה“.

און פיל מענטשן זיינען דא, וועלכע האבן א ווארעמען געפיל. הייס, ווארעם, ממש קאכעדיק און פלאמיק, שטורמיש און ברויזנד — „דרגיש ליה ימלל“.

און פיל מענטשן זיינען דא. פשוטע מענטשן, איינפאכע מענטשן — פארווירקלעכער, אפטוער. נישט זיי טראכטן און נישט זיי פילן; זיי הארכן. זיי פארווירקלעכן מיט זייערע קערפערס אידעאלן, וואס אנדערע האבן אויסגעטראכט און לאגיש באגרינדעט, וואס אנדערע האבן געפילט און שיין באזונגען — די מקדימי „נעשה“ ל„נשמע“.

דריי טיפן מענטשן זיינען דא — א טיפ און א טיפ און א טיפ; א מענטש און א

מינטש און אַ מענטש. ווייל איז דעם ערשטן (דער דענקער); געבענטשט איז דער צווייטער (דער פילנדער); הערלעך איז דער דריטער (דער פאַרווירקלעכער).

דריי טיפן? — ניין!

— נישט דריי טיפן, נאָר פיר טיפן מענטשן זיינען פאַראַן. דער ערשטער קאָן זיין אַ גרויסער דענקער, דער צווייטער — א גרויסער פרוימער, דער דריטער — א גרויסער פארווירקלעכער; אבער קיין גרויסער מענטש איז נאך קיינער נישט פון די אלע דריי טיפן צוזאמען. דאס זיינען געוויינלעכע מענטשן מיט אן אויסצייכניש אויף איין געביט, און יעדער איינער פון אונז קאָן געפינען זיין אָרט צווישן איינעם פון די דריי סארטן.

אבער א זעלטנהייט איז אויך פאראן אמאל, און שווער איז איר צו געפינען, און פון גורל דארף זי זיין אויסדערוויילט — דאס איז דער מאן, וועלכער פאראייניקט אין זיך די אלע דריי אייגנשאפטן צוזאמען. ער איז סיי א דענקער, סיי א מאן פון געפיל און סיי דער פארווירקלעכער פון זיינע אידעאלן.

און ווען מיר זעען פאר זיך אזא מענטש — בויגן מיר דעם קאפ, און זאגן: דאס איז זי, און דאס איז זי, די זעלטנהייט — מיר האבן געפונען דעם פערטן סארט מענטש, דעם גרויסן מענטש.

און נאך דעם טעארעטיש-אסקאלאסטישן שמועס איבער דער מהות פון דער גדלות — פרעגן מיר: צי האָט זשאַבאָטינסקי די דאָזיקע אויפגאַבע דערפילט?

לאמיר א קוק טאן, און מיר וועלן זען!

א מענטש פון לאגיק? יא, פון אייזערנער לאגיק! לייענט זיינע ארטיקלען, און איר וועט זיך איבערצייגן! ער איז דאך געווען פאקטיש דער איינציקער רעאל-פאליטיקער אין ציוניזם פון לעצטן דור, ווי מיר וועלן זיך באמיען אויפצוקלערן שפעטער. אבער צו וואס דער גאנצער פלפול? לאמיר לייענען וואס זשאבאטינסקי גיט איבער וועגן דער פראגע. אין דעם קאפיטל „דער יידישער דגש" פון „ספור ימי" און אין דעם קאַפיטל „ווי איז געבוירן געווארן דער געדאנק פון לעגיאן?" פון „מגילת-הגדוד" גיט ער איבער וואס נאָרדאַו האָט אים געזאָגט וועגן זיין פּלאַן: „דאָס איז לאָגיק, מיין יונגער פריינד. און לאגיק איז א גריכישע קונסט, וועלכע איז פארהאסט ביי יידן. דער ייד לערנט נישט פון לאגישע ארגומענטן, נאר פון קאטאסטראפעס. ער וועט נישט קויפן קיין שירם „נאר" ווען דער הימל ווערט פארוואלקנט. פריער דארף ער גוט דורכגענעצט ווערן, קראנק ווערן און באַקומען לונגען-אָנצינדונג — דאַן וועט ער זיך באַקלערן..." אַזוי? פריער דאַרף ליגן דער חלף אויפן האלז, און ערשט דאן זעט מען זיך ארום. זשאבאטינסקי, דער מאן מיט דעם „גוישן" קאפ, גיט צו, אז אין יארן ארום האט ער איינגעזען ווי גערעכט ס'איז געווען נאָרדאַו. אַזוי צי אַזוי, מיר האָבן דאָ פאַר זיך אַ באַשטעטיקונג פון נאָרדאַו וועגן דער געזונטער לאגיק פון זשאבאטינסקי. און אזוי זאגט ער דאך אויך אין פינפטן קאפיטל („ווי אזוי ווערט געמאכט פאליטיק?") פון זיין „מגילת-הגדוד": „אויב די רעגירונג וויל נישט, דארפסטו בלייבן שטיל איידל, זוכן פארבינדעטע און פון צייט צו צייט באַנייען דיין פאדערונג ביז עס וועט זיך באַווייזן, אז נישט דו האסט געצוואונגען די רעגירונג, נאר זי אליין איז צופרידן דערמיט". געדולד! לאגיק!

א מענטש פון געפיל? צו וואס האט ער געדארפט קומען צו זיין פאלק? וואס האט אים געשטויסן דערצו? — דער געפיל! און וואס זיינען זיינע לידער? און וואס זיינען זייערע פאטעטיש-פלאמיקע אויסדרוקן? — געפיל! אדאנק אזוינע לידער איז דאך בן-יוסף געגאנגען צו דער תליה. און אזוי זאגט ער דאך אין דריטן קאפיטל („א דורכפאל נאך א דורכפאל") פון זיין „מגילת-הגדוד": „דער גרעסטער אומגליק פאר א פאליטיקער איז ווען ער האט נישט קיין פאנטאזיע". און אין פינפטן קאפיטל גיט ער איבער זיין געשפרעך מיט מיסטער קינג אין קלוב פון די ליבעראלן אין לאנדאן. יענער זאגט צו זשאבאטינסקי: „מיין הער איז א פאנטאזיאר". און זשאבאטינסקי ווייזט אים אויף די בילדער, וועלכע האבן באפוצט דעם קלוב: „אלע זיינען זיי פאַנטאַזיאָרן!"

און אחרון־אחרון: א מענטש פון זעלבסטפאַרווירקלעכונג איז געווען זאב זשאבאטינסקי, פון זעלבסטפּאַרווירקלעכונג און פון זעלבסטאפּפּערוויליקייט. קיין מאל האט ער נישט געפּרעדיקט פאַר א זאך, וואס ער אליין איז נישט געווען גרייט אויסצופירן. א מוסטער און א ביישפּיל פאַר פיל אין דער ערלעכקייט פון פאַרווירקלעכן זיינע אידעאלן.

ד"ר שמשון יוניטשמאַן, איינער פון זיינע טרייסטע תלמידים, באַטאָנט טאַקע דעם מאָמענט פון זעלבסט־פאַרווירקלעכונג אין זשאַבאָטינסקיס לעבנס־וועג מער ווי די איבעריקע גלאָרייכע שטריכן פון זיין לעבן.

אַרויסגייענדיק פון דעם שטאַנדפּונקט פון אָפּפּערוויליקייט און זעלבסטפּאַרווירקלעכונג — האָט זשאַבאָטינסקי געגלויבט, אַז נאָר אין אַן עת צרה קאָן מען דערקענען דעם אמתן טרייעם ציוניסט. „נישט ריכטיק איז צו פאַרמאַכן די טירן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פאַר אַ צופלוס פון מענטשן. — — מיר נויטיקן זיך אין „גרים“. אָבער איך פרעג אייך: ווו איז געשריבן, אַז אויב מען וויל אַריינשפּריצן נייַ בלוט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, דאַרפן די רעקרוטן זאָפאָרט אַריינגיין אין דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע? ביים אָנהויב איז מען אַ פּשוטער זעלנער, דאַן אַ סערזשאַנט און ערשט שפּעטער אַ מנהיג. — — די לעצטע יאָרן זיינען געמאַכט געוואָרן פיל אומפאַראַנטוואָרטלעכע שריט ביים פאַנגען פּאָפּולערע נעמען. — — ווען עס פּאַסירן אָבער וואָס פאַר אַ נישט איז שטערונגען — כאַפּט אָן די „גרים“ אַ פּאַניק און זיי זוכן אַ לייכטן אויסוועג. — — ביים אָנהויב זאָל מען זיך איינשאַפן אַ שקל, דאַן ווערן אַ דעלעגאַט אַ.אַז.וו. אָבער דער וועג צו דער לייטונג דאַרף אָנקומען שווער ביי אונז, אַזוי ווי ס'איז שווער אין ענגלאַנד צו ווערן אַ מיניסטער“.

אַזוי האָט געזאָגט זשאַבאָטינסקי בעת זיין רעדע אויפן 12־טן ציוניסטישן קאָנגרעס (קאַרלסבאַד, סעפּטעמבער 1921). ער זוכט דעם אויסגעפּרוווטן. ווייל דיצר אויסגעפּרוווטער אין פאַרשיידענע אומשטענדן איז אויך דער טרייער. און ער איז געווען באַרעכטיקט עס צו פאַרלאַנגען. ווייל ווער נאָך אַזוי ווי ער איז געווען אויסגעפּרוווט אין זעלבסטאָפּפּערוויליקייט און אין זעלבסטפּאַרווירקלעכונג אויפן ציוניסטישן מזבח?!

אָט לאָמיר אַ בליק טאָן אויף אייניקע מאָמענטן פון זיין ביאָגראַפיע.

די קישינעווער פּאגראמען פון 1903. זשאבאטינסקי פרעדיקט אין אדעס פאַר דער אויפשטעלונג פון יידישן זעלבסטשוץ. ער איז דער פרעדיקער, און ער איז דער פאַרווירקלעכער. דער ערשטער צו פרעדיקן פאַר דעם שוץ, דער ערשטער אים צו ארגאניזירן, דער ערשטער פון זיינע מענטשן.

די ערשטע וועלט־מלחמה. זשאבאטינסקי פרעדיקט פאַר דער אויפשטעלונג פון יידישן לעגיאן. ער איז דער פרעדיקער, ער איז דער פאַרווירקלעכער. דער ערשטער איז ער צו פרעדיקן פאַר דעם געדאנק פון לעגיאן, ווען א פערמאנענטע פיינטלעכע אטמאספער רינגלט אים ארום פון אינעווייניק און פון אויסנווייניק, דער ערשטער אויפצושטעלן דעם לעגיאָן. זיין ערשטער סאָלדאַט איז אַן עלטער פון קרוב פערציק יאר.

די אומרוען אין אר"י אין יאר 1920. זשאבאטינסקי פרעדיקט פאַר א יידישער הגנה. רעדט שיין און טוט שיין. דער ערשטער פון די איניציאטארן פון געדאנק, דער ערשטער פאַרווירקלעכער און קעמפער, דער ערשטער פון אירע ארעסטאנטן — דער ארעסטאנט פון עכו.

די העברעאישע שפראך. אינטערעסאנט וואס עס שרייבט וועגן דעם א נישט־רעוויזיאניסט ווי שלום שווארץ: „ער איז געווען דער ערשטער — מיט א גאנצן דור צוריק — וועלכער איז ארויס מיט דער פאָדערונג צו גרינדן אין גלות ריכטיקע העברעאישע שולן. העברעאיש אין אלע קלאסן און אין אלע פעכער“. און ווייטער: „ צי ווייסט די ברייטע מאסע, אז ער האט אנגעהויבן דער ערשטער — מיט א פערטל יארהונדערט צוריק — צו פאַרפאסן לידער, לויט דער הברה ספרדית, אין דער צייט, ווען אלע אונזערע דיכטער האבן האן זיך נאך געהאלטן ביי דער הברה אשכנזית?“ ער האָט געפּרעדיקט פאַר דער

אויפלעבונג פון דער העברעאישער שפראך. אין א גאנץ דערוואקסענעם עלטער לערנט ער אליין העברעאיש, איבערזעצט ביאליקן אין רוסיש, איבערזעצט אין העברעאיש דעם אנגלא-זאקסישן עדגאר פא, דעם פראנצויזישן עדמאן ראסטאן, דעם איטאליענישן דאנטע, דעם דייטשן געטע, דעם שוועדישן טעגנער, דעם פוילישן מיצקעוויטש, פאל ווערלען א. אנד. און דערצו פארפאסט ער נאך אליין פיל העברעאישע לידער (צווישן זיי — איינער, געשריבן פארנדיק אין באן). ער האט געפערדיקט פאר דער חברה ספרדית, און איז דער ערשטער איר איינצופירן אין לעבן.

און צום סוף: ווען ער קומט צו דער איבערצייגונג, אז עס נויטיקט זיך א רעוויזיע אין דער ציוניסטישער פאליטיק, און אז מען דארף די יוגנט אנדערש דערציען — שטעלט ער זיך נישט אפ פאר גארנישט, שטייט אויס רדיפות און נגישות, און שאפט דעם רעוויזיאניזם און דעם בית"ר.

וואלט זשאבאטינסקי געווען גרויס נאר אויף דעם איין געביט פון זעלבסטפארווירקלעכונג — וואלט ער דאך שוין צוליב דעם אליין געדארפט זיין פארהייליקט אויף אלעמען, אויף קעגנער ווי אויף תלמידים. ווייל ווייניק זיינען די ציוניסטישע מנהיגים, וועלכע זאלן אליין דינען אלס ביישפיל פאר דער מאסע אין דער פארווירקלעכונג פון די אידעאלן, פאר וועלכע זיי פרעדיקן.

א לערער איז געווען אין דער ארבעטער-מחנה, א גרויסער לערער. א גאר גרויסער לערער. זיין נאמען איז געווען אהרון-דוד גארדאן. און פיל פון אונז בויגן דעם קאפ פאר דער דאזיקער הערלעכער געשטאלט, נאר צוליב איין זאך, ווייל ער האט ארויסגעוויזן ערלעכקייט אין זיינע אידייען — אליין האט ער זיין אידעאל פארווירקלעכט (און אין דעם מאמענט דיסקוטירן מיר נישט, צי דער אידעאל זיינער איז א ריכטיקער, אדער נישט). און בלויז צוליב דעם וואס ער האט געמיינט זיין זאך ערנסט, מוזן מיר זיין פערזאן אכטן, שעצן, פארהערלעכן.

דוכט זיך, אז מיר וועלן נישט איבערטרייבן, אויב מיר וועלן באטאנען, אז אלס אינטעלעקטועלער מענטש איז זשאבאטינסקי געווען פיל-פיל העכער ווי א. ד. גארדאן. דערפאר וואלטן מיר וועלן זען, אז אויך אין די קרייזן פון אד"ג זאל זשאבאטינסקי געאכטעט ווערן נישט ווייניקער ווי אד"ג ביי מאנכע פון אונז.

## ד. מיט אַ ים פון ליבע

און די אנערקענונג פון אלעמען דארף זיין, ווייל געווען איז דאך זשאבאטינסקי אויסדערוויילט פון גורל. געווען איז ער א דיכטער, א שרייבער, א זשורנאליסט, א פעליעטאניסט, א יוריסט, און עקאנאם, א קינסטלער, א פילאלאג, א רעדנער, א מנהיג, א פאליטיקער, א דיפלאמאט, און אידעאלאג.

און אויף יעדן איינעם פון די געביטן איז ער געווען אויסערגעוויינלעך באגאבט מיט טאלאנט און מיט א נביאישן חוש, א „חד בדרא".

וואלט ער זיך באשעפטיקט נאר מיט איינעם פון די אלע א.ד. געביטן — וואלט ער אדאנק זיינע אומבאגרעניצטע פעאיקייטן געווארן איינער פון די גאר גרעסטע אויף דעם, אדער יענעם געביט. אבער ער האט נאר אין זיין פרייער צייט זיך באשעפטיקט מיט די אלע א.ד. זאכן: און זיין עיקר טעמפעראמענט — אויף וואס האט ער אים פארווענדעט? — אויף זיין פאך. און זיין פאך — וואס איז ער? — „איך האב ליב מיין פאלק און אר"י. דאס איז מיין פאך אין לעבן, און אויסער זיי דארף איך קיין זאך נישט האבן" („בימי אבל"). דער אָ פאך זיינער האט צוגענומען ביי אים זיין מייסטע צייט און מי.

אבער נישט נאר צייט און מי האט ער אפגעגעבן זיין פאלק, נאר זיין גאנצן לעבן האט ער פאר אים געאפפערט, ווי געזאגט, דורך לאגיק, געפיל און טאט. „פאר אים" — פאר זיין מאיעסטעט דאָס יידישע פאלק.

ווייל געקומען איז ער צום פאלק מיט דעם יידישן שטאלץ, צו זיין פאלק — דאס פאלק

פון בני־מלכים. „הינטער יעדן איינעם פון אונז זיינען דא זיבעציק דורות, וועלכע האבן געקענט לעזן און שרייבן, וועלכע האבן גע־לערנט און געטראכט וועגן גאָט און געשיכ־טע, וועגן פעלקער און מלוכות, וועגן אידע־אלן פון גערעכטיקייט און ערלעכקייט און וועגן פראבלעמען פון דער מענטשהייט און איר צוקונפט. יעדער ייד איז א בן־מלך".

ווייל „איבער אלץ איז די ראסע, וועלכע איז פעסט און נישט געבויגן, וואס מען קען איר אויסראטן, אבער נישט ענדערן איר איבערצייגונג דורך צוואנג, די ראסע וואס אויך אין מאמענטן פון פייניקונג איז זי נישט מוותר אויף איר אינערלעכער פרייהייט. אין אונזער גאנצער געשיכטע זיינען מיר אן „עם קשה־עורף", און אויך איצט, נאך פיל דורות, קעמפן מיר נאך, רעוואלטירן, און האבן זיך נאך נישט אונטערגעגעבן. מיר זיינען אן אומבאזיגטע ראסע. איך ווייס נישט פון א גרעסערע ריטערלעכקייט ווי די".

וויפל ליבע, וויפל שטאָלץ, וויפל וואַרעמ־קייט עס מערקן זיך פון די געציילטע צײלן!

און ער קומט דערציען דאס פאלק.

„שמשון רעדט אן אנשטרענגונג, נישט הויך און נישט שטיל, אדער אפשר גאר גלייכצייטיק הויך און שטיל. ווער קען זאָגן, צי די זאַנגען רוישן אין ווינט הויך אָדער שטיל? זיי שעפטשען, אָבער מען הערט זיי ווייט" („שמשון").

און ארדנונג זאל זיין אין יעדער זאך — אויך דאס דארף דאס פאלק לערנען. „אויפן פלאץ פארן טעמפל זיינען געשטאנען טויזנ־טער יינגלעך און מיידלעך. אלע אנגעטאן אין ווייסן, אויסגעשטעלט אין זעלבן מרחק איי־נער פון אנדערן. — זיי האבן געווענדעט די אויגן אויפן דיריגענט, וואס איז געשטאנען אויף די שטיגן פון טעמפל. פלוצלונג האט ער אויפגעהויבן די האנט — און טויזנטער יינגלעך און מיידלעך האבן אויפגעהויבן זיי־ערע הענט ווי איין מענטש, אין איין אויגנ־בליק האבן זיי אויסגעדרייט אויף רעכטס, אויף לינקס, א דריי געטאן זיך ארום זיך אַלע ווי איין מענטש" („שמשון").

פארנדיק קיין בערן שטודירן, פארט ער פארביי וואלין און גאליציע. „דארט אין באן האב איך געהאט מיין ערשטן קאנטאקט מיט דעם געטא. מיט מיינע אויגן האב איך געזען זיין ארימקייט און הינטערשטעליקייט, וועלכע באגגענען זיך מיט „בטול" לגבי דעם שטארקן פיינט, אנשטאט אַ רעוואלט. —אראפגעלאזן האב איך דעם קאפ און שטיל האָב איך זיך געפרעגט: צי דען איז דאָס אונזער פאָלק?" („בערן און רוים", „ספור ימי").

דאָס פאָלק איז נידערשלאָגן ביז צו דער ערד. אבער „בית"ר מגוב רקבון ועפר". פון דער ערד דארף מען דאס פאלק ארויסהויבן. דאס וועט געמאכט ווערן „בדם וביזע יוקם לנו גזע גאון ונדיב ואכזר" — מיט בלוט און שוויים וועלן מיר פון דער ערד שאפן א שטאלצע, גענאדיקע און אכזריות'דיקע רא־סע. שטאלץ מיט איר שטאם, גענאדיק צום ברודער ייד און אכזריותדיק צום גוישן פיינט.

יעדן אידעאל — וועלכער וועט זיין אין קעגנזאץ צום באפרייאונגס־פראצעס פון יש־ראל, „און זאל עס זאגאר זיין דער פראגרעם אליין" — וועט זשאבאטינסקי באקעמפן. אין זיין ארטיקל „יא, ברעכן!" ברענגט ער ביי־שפילן פון געדאַנקען, וועלכע זיינען דעמאָ־קראטיש אויסגעהאלטן (ווי, צ.ב., לעגיסלאַ־טיוו־ראט, ווו די מערהייט פון די אר"י־איינ־וווינער זאלן באשטימען די פראגן פון עליה א. אז. וו.), אבער ווייל זיי זיינען קעגן אונ־זער אינטערעס — זיינען מיר אויך קעגן זיי.

זאגט טאקע זשאבאטינסקי אין אַ צווייטן ארט: „איך בין אויסגעוואקסן אין צענטער פון דער יידישער נויט. און אויב איך האב אפשר זוכה געווען צו ווינען אויבן אויפן אויבערשטן שטאק, האב איך געהאט אַ גו־טע מעגלעכקייט צו באטראכטן אָט די נויט, וועלכע האט נישט קיין גרעניץ און קיין גלייכן. און מיר אינטערעסירט דווקא די ליק־ווידאַציע פון אָט דער נויט, און אַלץ וואָס איז אַ שטערונג אין וועג צו דער פארווירקלע־כונג פון אט דעם ציל, וועל איך באקעמפן; און זאל עס זאגאר זיין דער פראגרעם אליין, וועל איז זיך אים קעגנשטעלן, אויב צוליב

אים מוז מיין פאלק ליידן. איך וועל פארהאל־טן זיין קארעטע און איך וועל נישט לאזן דורכפארן, אויב דארט וועט נישט זיין קיין לייזונג פאר מיין פאלק".

ווייל „איך זע פארויס פיל שווערע אר־בעט, דורכפאלן, פעלערן און אנטוישונגען; אבער איך זע פארויס אויך גרויזאמע צו־זאמענשטויסן מיט אויסערלעכע כחות. איך זע פאראויס אויך „העלדנטאטן" און אויך „קרבנות".

און דעריבער גוטיקן מיר זיך אין „א יידישער קאמפס־פאן אין ארץ־ישראל. דאס דריקט אוים פאר דער וועלט אין א קלארער און דייטלעכער שפראך מער ווי דאס, וואס מיר קאנען אויסדריקן מיטן מויל. און איך בין זיכער, אז ווען עס וועט דערהערט ווערן דער רוף, וועט זיך ביי דער יידישער יוגנט דערוועקן דער פשוטער מענטשלעכער געפיל: גיין און קעמפן פאר ארץ־ישראל אזוי ווי עס קעמפן אלע מענטשן, ביי וועמען מען האט זייער ארץ־ישראל צוגערויבט".

און דאן וועט קומען א טאג —

„און אזוי וועט מען זאגן: ווייל איז צו די מענטשן, וועלכע האבן אין יענע טומלדיקע טעג, וואס זיינען פול מיט פאלשע נביאות און ליגנערישע צויבער־שפרוכן — פארשטא־נען אויסצווויילן דעם גראדן וועג און האבן דאס פאלק אויף שטענדיק דערווייטערט פון פרעמדן חסד און פון פרעמדע פארעטער־קליידער".

ווייל קיין אנדער ברירה איז נישטא. דער וועג איז ווי ער זאגט אין „שמשון":

„מען מוז האקן מיט דער גאנצער קראפט מיטן פויסט אין דער וואנט, און באלד וועט זי זיך פונאנדערפאלן".

„נישט דער ריכטער בויט די שטאטן, נאר די דעראבערער". „די שווערדן שניידן מיך נישט דערפאר, ווייל זיי זיינען פון אייזן, נאר דערפאר, ווייל דער שמיד האט זיי פיל מאל פארהארטעוועט, און דער שלייפער האט זיי גוט אויסגעשליפן".

און ווייל זשאבאטינסקי איז זיכער, אז דאס פאלק וועט ענדלעך אנעמען דעם וועג — זאגט ער אין זיין „בימי־אבל":

„מיין גלויבן לערנט מיר, אז עס וועט קו־מען א טאג און מיין פאלק וועט זיין גרוים און זעלבסטשטענדיק. און ארץ־ישראל וועט שיינען מיט איר גאנצער פארבן־רייכקייט".

יא, ער מוז אויסלערנען דאס פאלק די תו־רה פון רעוואלט. „דיין ברודער איז א רשע, אבער דו ביסט א טפש. — — ווען מען שלאגט דיר מיט א גראבן שטעקן — נעם אויך א שטעקן און נישט קיין ווייך שטעקע־לע. גיי שוין, פון היינט אן זאלסטו ווערן א ביסל קליגער, און זאלסט זען, אז אויך דיינע לאנדס־לייט זאלן קליגער ווערן פאר זייער טובה וועגן" („שמשון").

אזוי איז ער געקומען צום פאלק מיט א ים פון ליבע.

## ה. מיט דעם כח פון „ככה"

אבער דאך איז געווען איין אונטערשייד צווישן הערצל און זשאבאטינסקי אין זייער גורל, ווי עס באמערקט ריכטיק ד"ר ה. רא־זענבלום אין זיין בוך „דמויות ציוניות".

טעאדאר הערצל איז געקומען ווי אן אפאזיציאנער; אבער אוועק איז ער ווי א פאזיציאנער; און זשאבאטינסקי איז א־וועק אזוי ווי ער איז געקומען — ווי אן אפא־זיציאנער.

יעצט וואס ער אליין שרייבט אין זיין קא־פיטל „מפלות און מפלות" פון זיין „ספור ימי", אדער אין דריטן קאפיטל פון „מגי־לת־הגדוד", „א דורכפאל נאך א דורכפאל":

„די סעסיע פון ציוניסטישן אקציאנס קאמי־טעט אין קאפענהאגן האט באשלאסן צו פאר־ארדנען אלע ציוניסטן אין אלע לענדער צו פירן אן אקטיוון קאמף קעגן דער פראפאגאנ־דע פארן לעגיאן. און מיט אמאל געפין איך זיך אליין אין דעם קאמף קעגן דער גאנצער ציוניסטישער באוועגונג אין אלע לענדער. אבער נישט אינגאנצן אליין. קיין מאל וועל איך נישט פארגעסן, אז אין אט דער קא־פענהאגן, אין יענע טעג פון צעשפליטערונג צווישן מיר און דער ציוניסטישער ארגאניזא־ציע, האב איך געפונען אט דעם בן־ברית, וואס נאר אדאנק זיין הילף (און עס זיינען

געוועז מאמענטן, ווען פאר דער דאזיקער הילף זיינע האט ער באצאלט מיט שווערע קרבנות און מסירות־נפש) האט מיר געגעבן די מעגלעכקייטן אדורכצומאכן דעם גיהנום פון די קומענדיקע יארן — מאיר גראָסמאַן.

— — פיל וועל איך נאך דארפן דערציילן וועגן אונזער געמיינזאמען קאמף".

די גאנצע ציוניסטישע וועלט האט אים פארלאָזט. זיינע אייגענע ידידים פון פריער און זיינע מאסן ידידים פון שפעטער האבן זיך נישט געפונען. און אין דעם שווערן מאָמענט פאר אים געפינט זיך איין גראסמאן, וועלכער שטייט צו צו אים. פון אַ גאנצער ציוניסטישער וועלט איז דא נאר איינער, וועלכער העלפט אים אין זיין קאמף, איינער וועלכער שליסט מיט אים אַ בונד אין דער צייט ווען אַלע רודפן אים. נאָר איינער וועלכער דערמוטיקט אים און העלפט אים אין לויף פון קרוב 20 יאר, אנהויבנדיק פון יענעם שווערן און ביטערן יאר 1915. און ער, זשאבאטינסקי, זעצט פאר דעם קאמף פאר זיין אמת, פארן יידישן לעגיאן, נאר מיט דער הילף פון איין און אייציקן מענטש אין דער גארער וועלט!

פאר אים איז געווען גענוג איין גוטער ידיד, וועלכער פארציכטעט אויף אלע ידידים צוליב זיין טריישאפט צו אים, פונקט ווי פאר דעם ידיד איבערוועגט די טריישאפט פון זשאַבאָטינסקי אַלע פריינדשאַפטן אין דער וועלט. אזוי פארענדיקט דאך טאקע מאיר גראסמאן זיין ארטיקל „די ערשטע באגעגעניש":

„אויך איך האָב געפילט, אַז איך טרעט אריין אין אַ נייער פאזע פון מיין לעבן. נאכמער: גלייכצייטיק דערוואָרבן אַ פריינד, און נאָך מער ווי אַ פריינד — אַ וועגווייזער מיט וועלכן איך בין גרייט צו גיין".

יא, דא האט זיך כאטש געפונען איינער. אבער ס'זיינען דאך געווען צייטן, ווען אפילו קיין איינער איז נישט געווען, קיין איינער אויסער זשאבאטינסקין.

נעמט זיין קאמף קעגן דער אויפלעזונג פון לעגיאן. איינער אליין קעגן אלעמען איז ער דאך דאן געשטאנען.

און נעמט ווייטער — די הגנה אין ירושלים! לייענט זשאבאטינסקיס בריוו פון עכו'ער תפיסה צום יידישן צבור, און איר וועט זען מיט וואָס פאַראַ פאַרביטערונג ער שרייבט וועגן דער אפיציעלער ציוניסטישער פירערשאפט, וועלכע דערמוטיקט נישט די עכו'ער ארעסטאנטן.

און נעמט זיין קאמף פאר העברעאיש — אלע האבן אים דאך אויסגעלאכט, ווען ער האט פראפאגאנדירט פאר דער העברעאישער שולע אין גלות.

אדער נעמט זיין געדאנק וועגן אַ העברעאישן אטלאַס (וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזט צוזאמען מיט ד"ר ש. פערלמאן) — ווער האט זיך פארגעשטעלט, אז אזא געדאנק וועט קאנען רעאַליזירט ווערן?!

אדער נעמט זיין קאמף פאר דער ענדערונג פון העברעאישן כתיב — ווי האט מען געקוקט אויף אים, ווען ער איז געזעסן אין קאנגרעס־זאל בעת די הייסטע דעבאטן אויף די ציוניסטישע קאנגרעסן און געצייכנט העברעאישע בוכשטאבן, פרעגנדיק אורי־צבי גרינבערג: „וואס איז זיין מיינונג וועגן דער עסטעטישער פארם פון די בוכשטאבן פון אונזער העברעאישער שפראך"?!

אדער נעמט דאס יאר תרפ"ז, ווען ער שרייבט צו אביגדור המאירי, אז ער וויל אייניקע טעג פון רו, כדי זיך צו פארנעמען מיט דער פראַגע „צי מען מעג פאַראייניקן די ווערטער „לאט־לאט" אין איין וואָרט־פערז" — ווי האָט מען געקוקט אויף אַזאַ „טרוים" אין די ציוניסטיש־פאליטישע קרייזן?!

אדער נעמט זיין מיינונג וועגן דעם העברעאישן אוניווערסיטעט. ער האט געפאדערט, אז דאס זאל זיין אַן אוניווערסיטעט ממש, וואָס זאָל אנטהאַלטן אַלע פאקולטעטן, און נישט נאר אַן אנשטאלט פאר יודאאיסטיק. ווער האט אים דאן נישט אויסגעלאכט?!

אדער נעמט, למשל, זיינע פעסטשטעלונגען, אז „דער ציוניזם באדייט אויפשטאנד און אַן אינע־לעכע איבערקערעניש", אדער „אר"י אויף ביידע זייטן פון ירדן", אדער „אלע וועגן זיינען כשר כדי צו פארווירקלעכן

דעם ציוניזם אין דער נאָענטסטער צייט“, אָדער „דער ציוניזם איז די לייזונג פון שקר, וואס ליגט אין גלות, אדער ער איז אליין אַ שקר“, אדער זיין קאמף פאר אַ יידישער מיליץ, פאר עוואקואציע, פאר אַ יידנשטאט, פאר אַ פראוויזארישער רעגירונג א.א.וו. — ווי האט מען דאס אויסגעלאכט?! און ווער האט דאס נישט אויסגעלאכט?!

אָבער ער ווערט נישט דערשלאָגן און נישט דערשראקן. „אין קאמף פאר אַן אידיי ווערט גרעסער די אונטערנעמונג דווקא אַ דאנק דורכפאלן. — — יעדע מפלה באווייזט זיך שפעטער אלס אַ שריט צום נצחון. יעדע מפלה ברענגט מיט זיך אַ נייעם „מנין“ פוּי אנהענגער, ציטנווייז פון די קרייזן פון די נעכטיקע פיינט דווקא“ („אַ דורכפאל נאך אַ דורכפאל“ אין „מגילת־הגדוד“).

„נאך יעדן דורכפאל דארף אַ מענטש זיך קאנטראלירן און פרעגן: אפשר, ביסטו ניט גערעכט? אויב דו ביסט נישט גערעכט — גיי אראפ פון דער טריבונע און שוויג. און אויב די גערעכטיקייט איז מיט דיר — דאן גלויב נישט אין וואס דו זעסט: דער דורכפאל איז נישט קיין דורכפאל. דער „ניין“ איז נישט קיין ענטפער. ווארט אפ אַ מינוט און פאנג אן פון דאסניי“(„א דורכפאל נאך א דורכפאל“ אין „מגילת־הגדוד“).

„נאר איין אמת איז דא אויף דער וועלט, און ער איז מיט דיר. און ביסטו נישט זיכער אין דעם — זיץ אין דער היים; און אויב דו ביסט זיכער — קוק נישט אין די זייטן, און אלץ וועט ענדלעך זיין אזוי ווי דו ווינשט זיך“. („קעגן אַלעמען“ אין „מגילת הגדוד“).

„אויב דו ביסט זיכער, אז די גערעכטיקייט איז מיט דיר — טא גיב זיך נישט אונטער!“ — זאגט אים זיין מוטער, ווען מען האט איר געזאגט, אז איר זון דארף מען הענגען („אַ דורכפאל נאך אַ דורכפאל“, „מגילת־הגדוד“). „זיי וועלן נאך קומען קושן דיינע הענט!“ — זאגט אים זיין שוועסטער („מפלות און מפלות“, „ספור ימי“). „גיי און זארג זיך נישט, אלץ וועט זיין אין ארדנונג!“ — זאגט אים זיין פרוי (דארט).

צי איז אין די אַלע ציטאַטן נישטאָ קיין פונק

פון הערצלס ווערטער וועגן דעם יאוש, וועלכער שטארקט און פעסטיקט?!

ציטנווייז האט לאגיק גארנישט וואס צו זאגן. עס עקזיסטירט אויף דער וועלט אַן „אט אזוי“, אַ „ככה“. ווען די־מאנזי זאגט צו זשאבאטינסקי: „אלץ אין ציוניזם פארשטיי איך, אויסער דער פראגע פון דער שפראך“ — דערציילט זשאבאטינסקי: „איך האב געזוכט אַ פאסיקע תשובה און נישט געפונען, און דאן האב איך געענטפערט: „און טראָץ דעם, העבראיש. פאַרוואָס? — ככה“. די־מאנזי האט אויפגעהויבן ביידע הענט און געזאגט: „איצט פארשטיי איך. דער אמת איז מיט אייך, אן ענטפער וואס שטייט העכער פון אלע ענטפערס“ („ספור ימי“).

מיט דעם כח פון אט דעם „ככה“ האט ער פארגעזעצט זיין גאנצן לעבנס־וועג, פאר וועלכן ער האט געקעמפט מיט זיין גאנצן אמת פון זיין הארצן.

שטענדיק געקעמפט איינער אליין. שטענדיק באקעמפט אלעמען. שטענדיק געשווומען קעגן שטראם. שטענדיק באקעמפט דעם שטראם. שטענדיק געשטרעבט צו קריטיק, צו רעוויזיע. שטענדיק פאר רעוויזיאניזם. שטענדיק אַ רעוויזיאניסט. שטענדיק אַ קריטיקער און אויך אַ שעפער. ער קריטיקירט די יידישע האלטונג בעת די קישינעווער פאגראמען, און שאפט דעם יידישן זעלבסטשוץ. ער קריטיקירט די גלייכגילטיקייט צום יידישן גורל אין צייט פון ערשטן וועלט־קריג, און שאפט דעם לעגיאן. ער קריטיקירט די באציאונג פון ישוב צו די אומרוען אין ירושלים, און שאפט די הגנה. ער קריטיקירט די באציאונג פון פאלק צו זיין נאציאנאלער שפראך, און שאפט די העברעאישע שולע. יא, דאס אלץ איז שווער; אבער „שווער באדייט מעגלעך“.

איינער אליין קעגן זיין פאלק און קעגן דער וועלט. „איך פאדער גערעכטיקייט פאר מיין פאלק. אויב איך וועל עס נישט באקומען — וועט די גאנצע וועלט פארוואנדלט ווערן אין אַ וויסטעניש. עס קימערט מיר נישט, אויב איר וועט אלע פארברענט ווערן.

איך וועל נאך צוגעבן אייל צום פייער".
— פארוואס? — ככה!
„איך גלויב — און איך בין שטאלץ מיט מיין גלויבן — אז אין גרונד פון אונזערע יאר־טויזנטער אלטן פיין, ליגט דער נישט וועלן זיך אונטערגעבן"
— פארוואס? — ככה!
„ווען מיר וואלטן זיך אונטערגעגעבן און זיך אסימילירט, אזוי ווי עס האבן זיך רעשט־לאז אסימילירט אנדערע „ראסן", וואלטן דאן די הענקערס נישט געהאט וועמען אויפ־צוהענגען".
— טא פארוואס האבן מיר זיך נישט אונטערגעגעבן?
— ככה!

## ו. „מיליטאריזם"

איין זאך איז געווען ביי זשאבאטינסקי, וואס ביי הערצל איז דאס געווען נאר ברמז. און דאס איז דער חדוש פון זשאבאטינסקי, מיט דעם וואס ער האט צוגעפאסט הערצלען צו אונזער צייט. הערצל האט געזאגט וואס מען דארף האבן — א יודנשטאט. זשאבא־טינסקי האט געזאגט ווי אזוי מען דארף עס באקומען: — דורך א לעגיאן.

„דורך א לעגיאן", טראכט דעם, וואס זיי־ענדיק אלט 20 יאר שרייבט ער א דראמע א.ג. „בלוט" ווו ער טרעט ארויס קעגן מל־חמות. ער האט נישט ליב געהאט מלחמות. ער אליין דערציילט דאך אין זיין „ספור ימי" ווי אזוי ער האט ליב געהאט דעם דו־ פון ליבעראליזם. ער אליין איז דאך געווען א ליבעראל אין אלע זיינע תרי"ג אברים וגי־דים. ער האט דאך פארהערלעכט די פרוי. אין יעדער פרוי האט ער געזען א מלאך.

כדאי איז אפשר צו פארגלייכן די ווערטער פון אייניגע פון די ריזן אין דער השכלה־עפ־אכע מיט די ווערטער פון זשאבאטינסקי אין דער פראגע.

פרץ סמאלענסקין שרייבט אין פערטן טייל פון זיין „התועה בדרכי החיים": „די נאטור האט אונטערשיידט די פרויען פון די מע־נער. — — און ווי צו דעם מענטש, וועלכער וויל באקעמפן די נאטור־געזעצן, וויל ער וועט דורכפאלן אין דער דאזיקער מלחמה. — — ווי אזוי זאלן מיר וועלן פארגלייכן א פרוי, וואס נישט מיט איר קראפט און נישט מיט איר געבוי קען זי זיך פארגלייכן מיט דעם מאן. — — פארוואס זאלן זיי זאגן, אז מיר האבן צוגערויבט זייער חלק? צי דען קע־נען מיר נעמען ביי זיי א העלפט פון די פאר זיי באשטימטע צייטן אויף קראנקייטן, אדער צי קענען מיר זיי געבן אונזער קראפט? די נאטור האט זיי באשאפן צו זיצן אין דער היים, און זיי שטרעבן צו מאן זייערע ארבעטן אין דרויסן. אין אלץ האט זיי די נאטור אונטערשיידט פון די מענער און האט צוגענומען ביי זיי יעדע איינפלוס־קראפט — — און זיי ווילן צעשטערן דעם געזעץ פון דער נאטור און נאך ווערן באאיינ־פלוסערינס. דערפאר וועלן זיי דורכפאלן אין זייער וועג".

און זשאבאטינסקי? — „איך האב אן איי־גנשאפט פון די נארדישע פעלקער, פאר וועל־כער איך בויג זיך: פארהערלעכונג פון פרוי־ען. זיכער בין איך: יעדע דורכשניטלעכע פרוי איז א מלאך, און קיין אויסנאם איז דא נישטא (ערשטער קאפיטל פון „ספור ימי"). „איך שאץ העכער די פרוי פון מאן, אויף יעדן גרינדלעכן שטח פון געזעלשאפטלעכן און שטוב־לעבן. אויסער דער ווילדער און גרא־בער ארבעט, אין וועלכער עס דעצידירט דער כח פון די מוסקולן, איז נישטא קיין פונק־ציע און קיין פאך, ווו איך זאל נישט איבער־שעצן די פרוי אויפן מאן" („מפלות און מ־פלות" אין „ספור ימי").

און אזא מענטש, א ליבעראל אין זיין גאנ־צן מהות; א מענטש, וועלכער שטאלצירט, אז ער איז פון די פארפאסער פון העלסינג־פארסער פראגראם, וועלכע האט פראקלא־מירט די אידייען פון „פרייהייט, ליבשאפט און גערעכטיקייט"; א מענטש, וועלכער גלויבט אז „יעדער מענטש איז א מלך, און ווען איך וואלט געקענט — וואלט איך געשאפן א נייע געזעלשאפטלעכע תורה, די תורה פון „פאן באזילעא" (דער צווייטער קאפיטל פון „ספור ימי"); א מענטש, וועלכער זעט אין יעדן מענטש פראכט פון מלכות. „און ווען עס

קומט דער שרעקלעכער גרויסער טאג — קום איך און קלאפ אויף זיין טיר: מיין ברודער, דער קעניג, צי ביסטו אין דער היים?“ — ווי קען דאס זיין, אז אזא מענטש זאל פארהייליקן די מלחמה?

פראפ. קלויזנער ענטפערט אויף דעם: זשאבאטינסקי האט געלערנט פון דעם רעוואלוציאנערן גייסט אין רוסלאנד פון 1904 — 1906 און פון 1917—1919, ער האט געלערנט פון גאריבאלדיס איטאליע און פון די נאציאנאלע פרייהייטס-באוועגונגען אין עסטרייך און טערקיי. ער האט געוווסט, אז קיין אנדער וועג פאר דער דערוואכונג פון אונזער פאלק איז נישטא.

די וועלט איז א וועלט, ווו איין מענטש צום צווייטן איז א וואלף („האמא האמיני לופוס“ הייסט זיינס אן ארטיקל). און דערפאר „לעבט אין הארצן פון יעדן פשוטן ייד פון המון אן ענטוזיאזם און אן אומבאגרעניצטע באגייסטערונג, אפשר אויך א בענקשאפט, נאך א שטארקער האנט, וועלכע זאל קענען רעאגירן אויף די עוולות, וואס ווערן אפגעטאן לגבי די יידן“. און דערפאר גלויבט ער נישט אין די גוים און אין זייערע חסדים — ער רופט דאס פאלק אליין צו נעמען זיין גורל אין די אייגענע הענט: „יידיש פאלק, קרעפטיק אונז און מעכטיק אונז — און מיר וועלן דיך באפרייען!“.

יא, נישטא קיין אנדער וועג ווי מלחמה. „שלעכט איז א קריג, שלעכט, שלעכט און מיאוס. אבער די מענטשן אין א קריג — זיינען אמאל שענער ווי אין טאג-טעגלעכן לעבן“ („ווען די וועלט איז יונג געווען“).

דאן איז מען געקומען און מען האט אים פארשריען אלס מיליטאריסט. צי איז ער אבער טאקע אזא געווען?

זיין רעדע ערב דער שאפונג פון לעגיאן אין לאנדאן איז א.ד.ט. „קראפט און גייסט“. ער באמיט זיך צו דערקלערן, אז קראפט און גייסט — ביידע צוזאמען זיינען געווען די אייגנשאפטן פון די חשמונאים, מכבים, קנאים, רבי עקיבא, בר-כוכבא א. אנד. געוויס האט זשאבאטינסקי פארשטאנען, אז דאס יידיש פאלק, אין וועמענס אדערן עס פליסן הונדערט דורות יידיש בלוט, איז נישט בלוטדורשטיק, נאר ער זעט אין דער מיליטערישער אויסבילדונג אן אומפארמיידלעכע נויטווענדיקייט, כדי מיר זאלן קאנען לעבן. „די שנאה צו מלחמות איז אונזער פאלקס-גייסטיקע ירושה. — — אבער אין דער דאזיקער דערציאונג זיינען פאראן עטלעכע זייטן, וועלכע קענען אונז שאפן א בעסערן און געזינטערן דור“ („וועגן מיליטאריזם“). און דערפאר איז דער באגריף „מיליטאריזם“ נישט ריכטיק באנוצט ביי אונז, ווייל „מיליטאריזם איז א באגריף, לויט וועלכן אין א לאנד איז פאראן צו פיל מיליטער. — — מיר, יידן, האבן אבער נישט דעם מינימאלסטן מינימום, וואס גאט אליין איז אן עדות, אז מיר נויטיקן זיך אין אים, כדי צו היטן די יידישע גאס. — — אויב א מענטש איז זאט און ער וויל טראץ דעם עסן — רופט מען אים פרעסער. אויב א מענטש איז אבער הונגעריק און ער בעט עסן, און אויך אים רופט מען פרעסער — מוז מען זיין „א באגריפן-ספעקולאנט“, כדי עס צו טאן“ („קדיש“). מען האט נישט פארשטאנען זשאבאטינסקין, ווען ער האט געפאדערט „מיליטאריזאציע פון דער יוגנט“; מען האט אים נישט פארשטאנען, ווען ער האט גערופן: „קינדערלעך, לערנט זיך שיסן!“; מען האט נישט פארשטאנען זיין „אויפן פיפעטשאק“.

## ז. זיין סאציאלע איינשטעלונג

זשאבאטינסקי האט געפאדערט די מיליטאריזאציע פון דער יוגנט צוליב דעם, ווייל ער איז געווען א רעאל-פאליטיקער, דער איינציקער רעאל-פאליטיקער אין לעצטן ציוניסטישן דור. דערפאר האט ער אויך געפאדערט עוואקואציע. דערפאר האט ער אויך געפאדערט אן אויסטויש פון דער יידישער און אראבישער באפעלקערונג („מעמד“). דערפאר האט ער געפאדערט נישט צו דערלאזן צו א קלאסן-קאמף ביי יידן. דערפאר האט ער געפאדערט די יידישע מדינה. דערפאר האט ער געפאדערט דעם „מאניזם“. דערפאר האט ער געפאדערט אפצוגעבן אלע אונזערע כחות פאר איין און איינציקער זאך — פאר

אונזער פאלק. דערפאר האט ער אזוי שטארק פראפאגאנדירט אין זיין לעצטן בוך „דער קאמפס־פראָגט פון ייִדנטום" פאַר נאָרדאַוס פלאן פון אריבעפירן גרויסע מאסן ייִדן קיין ארץ־ישראל.

און דערפאר האט מען אים פארש־יען אלס פאשיסט. און אינטערעסאנט: אין זיין „ספור ימי" גיט ער איבער וועגן זיין גלויבן אין דער גערעכטיקייט פון סאציאליסטישן רעזשים, וועלכן ער האט געהאלטן ווי א זעלבסטפארשטענדלעכע זאך „ביז זי איז צעשמעטערט געווארן אין גאנצן, זעענדיק דעם ־ויטן פרווו אין רוסלאנד" („בערן אין דוים" אין „ספור ימי"). און ווייטער אין זעלבן קאפיטל זאגט ער, אז ער האט געהערט „אין זיין גייסט" צום סאציאליסטישן פליגל, „טראָץ דעם וואס קיין מאל, נישט אין איטאליע און נישט אין רוסלאנד, בין איך דארט אריינגעטראטן אפיציעל".

„מען באטראכט מיך — פלעגט זאגן זשאבאטינסקי — אלס דעם פיינט פון סאציאליזם. אבער דאס איז אן אבסורד. אין מיין יוגנט פלעג איך שרייבן אין סאציאליסטישע אויסגאבעס, איטאליענישע און רוסישע; אויך איצט האב איך ליב און גלויב אין „קבוצות" — איבערהויפט אין דער עפאכע פון דער התישבות; איך האב שטענדיק באקעמפט די „גבירים" און „גבירטאקראטיע", און איך אליין וועל ווארשיינלעך בלייבן מיין גאנצן לעבן א פראלעטארישער אינטעליגענט וואס האט קיין מאל נישט ארויסגעטראטן פון עמיצנס „מערווערט". אבער קלאר איז פאר מיר, אז אויב מיר וועלן מאכן צוויי רעוואלוציעס אין דער זעלבער צייט: די נאציאנאלע און די סאציאלע — וועלן מיר מכשיל זיין ביידן. און מיותר זיין דאַרף, פארשטייט זיך, דער קלאסן קאמף. דער פרימאט געהערט, פארשטייט זיך, דעם נאציאנאלן אידעאל. — אין דעם דועל — צווישן ייִדישן ארבעטער און ייִדישן קאפיטאליסט — געווינט שטענדיק דער דריטער צד: די אנטיסעמיטן פון אלע סארטן" — אזוי גיט איבער ש. געפשטיין אין דעם קאפיטל „זשאבאטינסקי און הצה"ר" פון זיין מאָנאָגראַפיע.

און באמת, איינע פון די סיבות פאר זשאבאטינסקיס קעגנערשאפט צו דער שאפונג פון דער געמישטער אגענץ — איז געווען, ווייל מען וויל מכפר זיין די זינד פון די אמעריקאַנער גבירים צוליב די נדבות, וואָס זיי וועלן געבן פארן ציוניזם.

פארשטאנען האט אבער זשאבאטינסקי, אַז אַן אינטערנאַציאָנאַל קאָן אויפשטיין פון פרייע נאַציעס, אָבער שלעכט וועט זיך פילן אן אומבאהאלפענע נאציע צווישן גוטסיטואירטע נאַציעס.

בדרך משל שילדערט ער אונזער לאגע אין „שמשון": „אין מאנכע ערטער איז א מענטש, וואס איז געווען אנגעטאן אין וואל, געווען אויסגעשטעלט אויף א געפאר, ווען ער האט זיך באוויזן צווישן ערד־ארבעטער. און די זעלבע האט געדראט א מענטש, וואס האט געטראגן לייוונטענע קליידער צווישן פאַסטעכער. וואָלט אָבער געקומען אַ פרעמדער, וואָס ווייסט נישט וועגן דעם סכסוך און ער וואלט געטראגן שעטנז־קליידער, וואס זיינען געמאכט פון וואל און ליינען, וואלט ער באקומען קלעפ פון ביידע צדדים".

און אין „ציון און קאמוניזם" זאגט ער: „אַ מענטש קאָן לעבן אין גאַנצן אָן אידעאַלן. דאס שאדט אים נישט צו זיין פרנסה. אבער מיט צוויי אידעאַלן קאָן קיין מענטש נישט זיין".

אזוי פארשטייט דעם ענין דער פראפעסער פון ייִדישן „בעוועגונגס־פלאַן" (זשאַבאָטינסקיס פלאַן פון די פינף מ'מים), וואָס שטרעבט צו פארזיכערן יעדן מענטש מיט שפייז, וווינונג, בגדים, לערע און געזונט (מזון, מעון, מלבוש, מורה, מרפא).

פאר דעם האט ער דאך געקעמפט. אויך פאר אגראר־רעפארמען האט ער דאך געפרעדיקט.

אין „די קלאסן פראגע אין דער התישבות" שרייבט זשאבאטינסקי: „אויך מיר, אזוי ווי אלע מענטשן, זיינען א בערצייגט אין די טיפענישן פון אונזער נשמה אז די היינטיקע סאציאלע לאגע איז א שלעכטע און אכזריותדיקע און מען מוז איר אומבאדינגט ענדערן; און דוקא אלס ייִדן געדענק.

מיר, אז דער קאמף פאר א בעסערן סאציאלן
רעזשים איז שטענדיק געווען א״נע פון די
שענסטע טראדיציעס פון דער יידישער מחש=
בה, אנהויבנדיק מיטן גרויסן סאציאלן גע=
זעץ=געבער, משה רבנו, ביז די לעצטע צענ=
דליקער יא״ן. פיל פון אונז גלויבן, אז אין
דער צוקונפט וועט דוקא אר״י פ״רוואנדלט
ווערן אין אזא לאבאראטאריע, וו׳ עס וועט
אנטד״קט און פארוויקלעכט ווערן אויף א ו נ=
זע״ן א ספעציפישן וועג דער דערלייזונגס=
רעצעפט פאר דער גאנצער מענטשהייט. ״ז=
בער פריער ווי מיר גייען אנטדעקן דעם רע=
צעפט, מוזן מיר קודם כל אויסבויען די לא=
באראטאריע.— ניטא קיין איין פאלק, וואס
זיין חלק זאל זיין גרעסער ווי אונזער חלק
אויף איין קולטורעלן שטח: אויפן שטח פון
דער אויסבעסערונג פון סאציאלן רעזשים". א=
בער פארלויפיק איז דא דער כלל פון אדער—
אדער: „אדער דער ציוניזם וועט חרוב מאכן,
מחרים זיין און טויטן ביז צום סוף די קלאסן=
דאקטרינע צווישן דעם יידישן צבור אין אר״י
— אדער דער ציוניזם וועט נישט פארווי=
קלעכט ווערן" („די קלאסן=אידעאלאגיע").

אויף להבא וועלן מיר קענען דינען אלס א
מוסטער פאר דער וועלט אויף דעם געביט,
ווען מיר וועלן אים קענען פריי אנטוויקלען.
און פריי אנטוויקלען וועלן מיר אים קענען
אין א פרייער היים. דערפאר זיינען מיר פאר
„מאניזם". „אין דעם אויפבוי=פראצעס
פון דער יידישער מדינה —
זייגען מיר אבסאלוט קעגן יעדער
קלאסן אנשויאונג, סיי א פראלעטארישע און
סיי א בורזשואזע". מיר נויטיקן זיך אין אלע
קלאסן פארן בנין. מיר שטרעבן צו א יידי=
שער מערהייט, זי וועט קומען דורך
די מאסן, דורך די ארעמע קודם כל.
און דערפאר מוז זיין פארפליכטעט
דער פרינציפ פון „עבודה עברית". אויך דאס
יידישע קאפיטאל איז נויטיק, ווייל ווען ער
באשעפטיקט 100 פראצ. יידישע ארבעט —
פארגרעסערט ער די אויפנאמס=פעאיקייט פון
לאנד און פארגרעסערט איר פראדוקציע און
עקספארט. אויב דער יידישער ארבעטער
וועט נישט פארדינען פאר א בכבודיקער עק=
זיסטענץ — וועלן מיר אים נישט האבן;
אויב די הכנסות פון יידישן פאבריקאנט וועלן
נישט דעקן זיינע הוצאות — וועלן מיר אים
נישט האבן און במילא וועט די יידישע מער=
הייט זיך פארזאמען און די יידישע מדינה
וועט זיך פארשפעטיקן. און דערפאר—פארן
וויל פון אלע קלאסן און במילא פון גאנצן
פאלק — זאגן מיר: נאציאנאלער ארביט=
ראזש, ד. ה. זאל זיין אן אנשטאלט, וווּ עס
וועלן זיין פארטראטן גלייך אויף גלייך די
ארבעטער מיט די ארבעטס=געבער צוזאמען
מיט א נייטראלן מענטש, אנערקענט דורך
ביידע צדדים. יעדן סכסוך זאל מען ברענגען
צו דעם אנשטאלט, וועמענס דעציזיע וועט
זיין פארפליכטנד, וועלכער וועט אורטיילן
אזוי, אז דער ארבעטער זאל פארדינען אויף
זיין עקזיסטענץ און די אונטערנעמונג זאל
קענען עקזיסטירן, — פארן וויל פון דער
יידישער מדינה און איר אויפבוי.

דאס איז די אויפפאסונג פון דעם מאן,
וועלכער זעט אין יעדן מענטש א „בן=מלך".
אין זיין „ספור ימי" זאגט ער: „איין אנשוי=
אונג איז דא ביי מיר נאך פון די קינדער־
יא״ן, און ביז היינט רעגירט זי א בער מיין
באציאונג צו דער געזעלשאפט; אבער מען
זאגט, אז דאס איז אן אומנארמאלע אנשוי=
אונג. אמת, איך בין א „משוגענע״" פארן
גלייכהייטס=פרינציפ. — ארגאניש האס איך
— יעדן באגריף, וועלכער וויל או טערשיידן
צווישן מענטש און מענטש".

יעדן מענטש קומט די הערלעכע=קעניגלע=
כע ערע.

## ח. „הומאניטארער ציוניזם"

און ווייל ער איז געווען א רעאל=פאליטי=
קער האלט ער פאר „א לוקסוס=ציוניזם",
אדער פאר „א פלאפלעריי" די אלע אידייען,
אז אר״י דארף זיין א צענטער פאר אויס=
דערוויילטע. אר״י דארף ארייננעמען אין זיך
וואס מער יידן, גוטע און שלעכטע. ווייל „מיר
דארפן ראטעווען דאס יידנטום פון דעם זיך
דערנענטערנדיקן פייער". „מיר מוזן ליקווי=
דירן דעם גלות. ווען נישט — וועט ער אונז

ליקווידירן!". זיין ציוניזם, דעם ציוניזם פאר אלע יידן, באצייכנט ער אין זיין ארטיקל „גרוים ציוניזם און קליין ציוניזם" אלס דער „הומאניטארער ציוניזם", דער ציוניזם וועלכער וויל ראטעווען וואס מער יידן, גוטע און שלעכטע צוזאמען, אבער יידן.

און ווי אזוי זאל מען עס מאכן, ווי אזוי זאל מען ראטעווען די יידן? און אויף דעם ענטפערט ער אין זיין בוך „א יידישע מדינה — די לעזונג פון יידנפראגע" און אין זיין לעצטן בוך „דער קאמפס־פראנט פון יידנטום", און שטעלט פעסט, אז מיט דעם סוביעקטיוון אנטיסעמיטיזם, „דער אנטיסעמיטיזם פון מענטשן" (פון היטלער, למשל) איז נישטא וואס צו רעדן. אבער אויך דער אביעקטיווער אנטיסעמיטיזם, „דער אנטיסעמיטיזם פון זאכן", וועט גרעסער ווערן. ווייל די תקופה פון מאשין לאזט איבער פיל ארבעטסלאזע, די קאנקורענץ מיט די יידן וועט ווערן גרעסער, במילא וועט שטייגן דער אנטיסעמיטיזם. די דארפישע פויערים גייען אריבער אין שטאט, און הויבן אן שטודירן, מארגן וועלן זיי קאנקורירן מיט די יידישע פרייע פראפעסיעס (אדוואקאטן, דאקטוירים א.א.וו.), און דער אנטיסעמיטיזם וועט וואקסן. דערפאר מוז מען אונטערהאנדלען מיט די אנטיסעמיטן פון צווייטן סארט, די אנטיסעמיטן וועלכע ווילן אונז נישט פארניכטן, נאר וועלכע ווילן פטור ווערן פון אונז, מיר ווילן אויך פטור ווערן פון זיי — זאלן זיי אונז העלפן צו באקומען אר"י!

דאן האבן זיינע קעגנער געטענהט: זשאבאטינסקי אונטערהאנדלט מיט פאשיסטן.

אמת, זשאבאטינסקי האט אונטערהאנדלט מיט אנטיסעמיטן — מיט פעטליורא, מיט פילסודסקי, מיט קאראל א. א. אבער צי איז דאס א גוי, וואס איז נישט קיין אנטיסעמיט? אויב ס'איז פאראן א גוי, וועלכער זאל ליבן א פאלק אן א מדינה, איז ער אן אומנארמאלער. אזוי לאנג ווי דער גלות וועט זיין — וועט זיין אויך דער אנטיסעמיטיזם. זשאבאטינסקי האט אונטערהאנדלט מיט אלעמען — אויך מיט לעאן בלום און זשארזש מאנדעל און אנדערע וועלכע זיינען נישט קיין פאשיסטן. זשאבאטינסקי האט אונטערהאנדלט מיט יעדן איינעם, כדי די יידישע פרייהייט צו באקומען. ווייל זשאבאטינסקי איז געווען א רעאל־פאליטיקער פונקט ווי הערצל, ווייל אויך הערצל האט אונטערהאנדלט מיט פלעווע און מיטן סולטאן. אגב, דערציילט ווייצמאן אין זיינע זכרונות, אז אויך ער האט זיך דריי מאל געטראפן מיט מוסאליני.

אין זיין רעדע אויף דעם 12־טן ציוניסטישן קאנגרעס דערמאנט זשאבאטינסקי, אגב אורחא: „אין דער צייט פון קריג, ווען איך בין געווען ביי דער מיינונג, אז מיר דארפן גיין מיט ענגלאנד — — האב איך זיך באנוצט מיט די ווערטער, וואס מאציני האט אמאל געזאגט לגבי איטאליע: „איך ארבעט פאר אר"י, אויך ווען איך וועל זיך דארפן פארבינדן מיטן שטן".

א גרויסער רעאל פאליטיקער פון היינטיקן דור, סטאלין, האט געשלאסן אן אפמאך מיט היטלערן, אן אפמאך, וואס האט דערמעגלעכט די פארשנעלערונג פון אויסברוך פון דער מלחמה. סטאלינס פראלעטאריאט האט זאגאר געדינט היטלערן מיט שפייז ביז יוני 1941, ווייל אזוי האט דאן געפאדערט — לויט סטאלינס מיינונג — דער אינטערעס פון רוסלאנד.

זשאבאטינסקי האט פארשטאנען, אז אין דער גוישער וועלט הערשן נישט קיין אידייען, נאר אינטערעסן. ער האט פארשטאנען, אז אין פאליטיק זיינען נישטא קיין סענטימענטן, נאר רעאליטעטן.

און דערפאר איז ער געקומען מיט זיין עוואקואציע־פלאן פריער ווי דער חורבן איז געקומען.

דאן האט מען אים פארשריען. צווישן די קעגנער פון זשאבאטינסקיס פלאן איז אויך געווען שלום אש, וועלכער האט שפעטער פארהערלעכט יעזוסן. מעגלעך, אז אין נאמען פון יעזוס האט אש באקעמפט זשאבאטינסקיס רעטונגס־פלאן פארן גלות.

אבער דאס פאלק האט בלינד געהארכט די „דרשות“ פון דעם מיסיאנער שלום אש, און באקעמפט דעם נביא־האמת זאב זשאבאטינסקי.

## ט. די אראבער־פראגע

גוט, מיר ווילן פארוואנדלען ארץ־ישראל אין א יידישער מדינה. אבער עס זיינען דאך פאראן פריערדיקע איינוווינער אין לאנד. און דא איז ארויפגעשווומען די פראגע פון די אראבער. זשאבאטינסקי גייט צו אויך צו דעם פראבלעם קאלט, ניכטער און רעאל. קודם כל גלויבט ער נישט, אז עס איז פאראן א פאראייניקונג אין דער מוסולמענישער וועלט, א זאך וואס לעצטנס באשטעטיקט זיך, אז גערעכט איז ער געווען. אין 1840 האט מוחמד עלי פון מצרים געקעמפט קעגן פאדישאח, וועלכער איז געהאלפן געווארן דווקא דורך א קריסטלעכער רעגירונג, דורך פראנקרייך. אין 1914 האט זיך מעקא אנטקעגנגעשטעלט דעם סולטאן מיט דער הילף פון דער קריסטלעכער ענגלאנד.

איז דא אבער פאראן די פראגע פון די אראבער אין ארץ־ישראל, א לאנד וואס צוזאמען מיטן עבר הירדן איז זי נאר א צוואנציקסטע טייל פון די איבעריקע זיבן אראבישע לענדער.

די ווייסע פעלקער פון אייראפע האבן דעראבערט זייערע קאלאניעס און געשאפן זייערע אימפעריעס אין אמעריקע, אזיע און אויסטראליע דורך טייכן בלוט פון די „נייטיווס“ (די געבוירענע אין לאנד). מיר זיינען געקומען צוריק א היים, נישט צו דעראבערן קאלאניעס און אימפעריעס, נאר כדי צו שאפן פאר זיך איין יידישע מדינה אין דער גאנצער וועלט.

מיר זיינען נישט געקומען קיין ארץ־ישראל ארויסצוטרייבן די אראבער: „גיט אונז ארץ־ישראל. — — דארט וועלן זיין אכט מיליאן יידן און צוויי מיליאן אראבער און פיל פלאץ וועט נאך בלייבן; און שלום וועט הערשן אין דער וועלט“ („די אויפנאמספעאיקייט פון ארץ־ישראל“). און אפשר איז נישט מאראליש, אז מיר זאלן מאיאריזירן א לאנד, וווּ עס וווינען אראבער? יא, די אראבער האבן א מערהייט אין מאראקא, אלזשיר, טוניס, טריפאלי, עגיפטן, סיריען, לבנון, סאאודיען און איראק; מיר האבן 6 מיליאן קרבנות, צענדליקער טויזנטער פליטים און א מינדערהייט איבעראל. צי דען באדייט מאראל, אז דער, וועלכער האט, זאל האבן מער און מער; און דער, וועלכער האט נישט, זאל קיין מאל גארנישט האבן און שטענדיק זאל ער זיין פאראורטיילט צו פאגראמען, אינקוויזיציעס און גאז־קאמערן — צי איז דאס מאראל? „די ערד געהערט נישט צו די, וועלכע האבן צו פיל באדן, נאר צו די, וועלכע האבן בכלל נישט קיין באדן“ („די ארץ ישראלדיקע אראבער“)

נאך מיט יארן צוריק האט אחד־העם געזאגט, אז די אראבער מאכן זיך נישט זעענדיק אונזערע אמתע כוונות און שווייגן ביז מיר וועלן זיי רייך און געזונט מאכן, אבער שפעטער וועלן זיי ארויסגיין קעגן אונז מיטן גאנצן צארן און מיט א טאפלטער פארביטערונג („אומת מאר“י“). צוליב א מאטעריעלן נוצן וועט א פאלק זיין פרייהייט נישט פארקויפן. די אראבער האבן געגלויבט די אפיציעלע ציוניסטישע פירער, אז זיי ווילן נישט קיין מדינה און נישט קיין ממשלה, נאר בלויז אן עליה; אבער טאקע צו דעם זיינען די אראבער נישט מסכים, ווייל אן עליה ברענגט צו א מערהייט, און א מערהייט פאדערט שפעטער נאך עפעס....

אין זיין ארטיקל „ דער שלום“ ברענגט זשאבאטינסקי דריי מיינונגען, וועלכע הערשן צווישן די אפיציעלע ציוניסטישע קרייזן, וועגן די אראבער. די ערשטע מיינונג זאגט: רעדן צו זיי זיסע ווערטער, אבער פאר זיסע ווערטער וועט א פאלק זיך נישט אונטערגעבן. די צווייטע מיינונג — זיי אפנארן, און מיר ווילן קיינעם נישט אפנארן, ווייל מיר גלויבן, אז אונזער פאדערונג איז א מאראלישע. און די דריטע מיינונג זאגט, אז מען דארף די אראבער נאכגעבן און זיך צופאסן צו זיי און זייערע מנהגים. נאכגעבן טארן מיר נישט, ווייל גענוג האט אונזער פאלק שוין געבלוטיקט. אויך זיך צופאסן צו זיי

מאַרן מיר נישט, ווייל יעדע צופּאַסונג ברענגט צו צעמישונג און אַסימילאַציע, וועלכע זיינען שטענדיק געווען גורמים צום אַנטיסעמיטיזם. און אַפילו וועלנדיק — קאָנען מיר עס נישט מאַכן לגבי אַ פאָלק, וואָס שטייט נידעריקער פון אונז אין זיין קולטורעלן ניוואָ. אין א צווייטן ארט זאגט זשאַבאטינסקי: „איך האלט פאר אומעגלעך ארויסצוטרייבן די אראבער פון אר״י״—„איך בין גרייט צו שווערן אין אונזער נאמען און אין נאמען פון אונזערע קינדער, אז קיין מאל וועלן מיר נישט צעשטערן די גלייך בארעכטיקונג און מיר וועלן נישט פרוּוון ארויסצוטרייבן עמיצן, אדער צו אונטערדריקן עמיצן“. מיר ווילן שלום מיט די אראבער, אבער ער וועט קומען דורך צוויי וועגן — דורך א יידישער פאליטישער אפענסיווע („דער שלום“) און א לעגיאן. אזוי לאנג ווי ס'איז געווען א יידישער באוואפנטער כח אין לאנד, האבן די אראבער (וועלכע זיינען, אגב, פחדנים) זיך געשראקן. מען וועט זאגן, אז עס איז נישט בארעכטיקט צו באוואפנען דעם יידישן טייל פון דער באַפעלקערונג, און דעם אראבישן נישט. „קיינער וואלט נישט געווען קעגן דעם פרינציפּ — ווען נישט דער פאקט, אז די יידן זיינען קיין מאל נישט באפאלן די אראבער — אין דער צייט ווען די אראבער זיינען שוין פיר מאל באפאלן די יידן“. („דאָס שוץ-יידנטום און לעגיאָניזם“).

זשאַבאטינסקי שטרעבט צו שלום מיט די אראבער. אבער ער וועט קומען נאכער ווי ס'וועט אנטשטיין די יידישע מדינה אין איר היסטארישע גרעניצן. דאן וועלן די אראבער [illegible] קונג, פון קולטורעלער און רעליגיעזער אויטאָנאָמיע, זייער שפראך וועט זאגאר זיין אפיציעל אין דער יידישע מדינה אזוי ווי די העברעאישע, שטענדיק ווען עס וועט זיין א יידישער פרעמיער אין דער יידישער רעגירונג — וועט זיין אן אראבישער וויצע-פרעמיער, און אמאל קען אויך געמאלט זיין, אז ס'זאל זיין אן אראבישער פרעמיער און א יידישער וויצע (זשאַבאטינסקי אין זיין לעצטן בוך „דער קאמפּס פראנט פון יידנטום“)

# י. דאס פראבלעם: יידישע מדינה

יא, דאס איז דער עיקר העיקרים — די יידישע מדינה. און צייטנווייז פאסירט, אז די טאג-טעגלעכע ארבעט מאכט עס פארגעסן, די טאג-טעגלעכע ארבעט פון „מפעל ובנין, עבודה ויצירה“. אזוי זאגט ער עס בדרך משל אין „שמשון“:

„עס איז אמאל געווען א קלוג פאלק, וואס האט שטאלצירט מיט זיין חכמה און האט געוואלט אויפבויען א טורעם, וואס זאל דערגיין צום הימל, כדי מען זאל פון זיין דאך קאָנען ציילן די שטערנס און איינהיטן זיך צו גאָטס געדאַנקען. זיינען אַ טייל מענטשן געגאנגען שניידן בוימער, א טייל — אנהאקן שטיינער, און אנדערע — מאכן קאלך. אבער וואס העכער דער טורעם איז געוואקסן זיינען זיי געווארן אלץ נארישער, ווייל די איינע האבן געקלערט א גאנצן טאג וועגן די וואָלקנס, די אַנדערע — וועגן שטיינער, און יענע — וועגן די קאלך, און וועגן די שטערנס האט שוין קיינער נישט געטראַכט. און ווען דער טורעם איז פארענדיקט געווארן, און ער איז דערגאנגען ביז צו די וואלקנס, האבן זיי שוין פארגעסן צו וואס זיי האבן אויפגעשטעלט דעם טורעם און האבן נישט פארשטאנען איינער דעם אנדערנס שפראך“

און ער וויל די שפראך זאל זיין איינע — די שפראך פון „מאגיזם“, די שפראך פון „חד נס“, כדי זיך נישט צו שעמען און אפן צו דערקלערן וואס עס איז אונזער ציל אין אר״י.

פריער ווי הערצל איז צוגעטראטן צום ציוניזם — האט ער זיך געשטעלט די פראגע: וואס וויל איך? צו וואס ציל איך? וואס איז דער ענדציל פון מיין שאפונג? און ער האט אפן און דרייסט געענטפערט מיטן נאמען פון זיין ערשטן ציוניסטישן שריפט — „יידנשטאט“.

שפעטער, אבער, האט מען געמיינט, אז מיר דארפן זיין פארזיכטיק, כדי נישט אויפצורייצן די אראבער. דאס האט נישט גע-

האלפן, ווי עם האט זיך שפעטער ארויסגעוויזן, ווייל במילא זיינען געווען אומרוען אין אר"י.

זשאבאטינסקי רופט צו קלארקייט, נישט צו פארטושן עניגים: „דער אמת ברענגט מיט זיך אַן אויפקלערנדע ווירקונג. צי איז דען נישט מיאום געווארן יעדן פון אונז דאס שטענדיקע ארויסדרייען זיך? זויבערן די לופט איז געווארן א פאליטישע נויטווענדיקייט, און דאס וועט פארווירקלעכט ווערן דורך דעם, וואס מיר וועלן זאגן דעם אמת. פארוואס זאלן מיר דערלויבן, אז מ'זאל אָנרופן דאָס וואָרט „יידנשטאַט“ אַלס עקסטרעמיזם? די אלבאנער האבן זייער לאנד, די בולגארן פארמאגן זייער אייגן לאנד. א יידנשטאט איז דאך דער נארמאלער מצב פון אונזער פאלק. ווואלט היינט שוין עקזיסטירט א יידישע מדינה —וואלט קיין מענטש נישט געזאגט, אז דאס איז אן אומנארמאלע זאך. און אויב מיר שטרעבן צו נארמאליזאציע— צי האָבן מיר אַ רעכט צו זאָגן, אַז דאָס איז עקסטרעמיזם — און דאס דארפן זאגן מיר אליין?“ (אויפן 17=טן ציוניסטישן קאנגרעס. באזעל, 1931).

דאס האט פארשטאנען זשאבאטינסקי. דאס האט פארשטאנען הערצל.

„ס'איז קיין ספק נישט, אז הערצל איז געווען א חסיד פון א יידנשטאט. ווי אזוי דערקלערט מען אבער דעם פאקט, אז הערצל האָט געשריבן דאָס בוך „יידנשטאַט“. ווי אזוי? דערפאר, ווייל ער האט זיך נישט באשעפטיקט מיט אר"י. שפעטער האט ער אנטדעקט אר"י און זיך פארליבט שטארק אין דעם לאַנד, אַז אוים ליבע צו אר"י האָט ער זיך אפגעזאגט פון געדאנק פון א יידנשטאט.

איך שלאג פאר אן אנדער אויסטייטשונג פאר דעם געדאנקן=גאנג פון הערצל. ער האט אָנגעשריבן דאָס בוך „יידנשטאַט“. שפעטער איז ער געקומען צו א מסקנה, אז די נויטיקע באגייסטערונג אין יידישן פאלק קען מען מאביליזירן נאר פאר אר"י. דאן האט ער זיך געזאגט: לאמיר שאפן די יידישע מדינה אין אר"י. דעריבער האט הערצל שפעטער פראָקלאַמירט דעם באַגריף פון „טשארטער“. **ווייסט איר וואס ס'איז די באַדייטונג פון** „טשארטער“? „טשארטער“ איז א פיל מער **עקסטרעמערע זאך, ווי די אנשויאונג, וועלכע** איך האָב דאָ איצט פונאַנדערגעוויקלט. אונזער אנשויאונג איז: צוערשט א מערהייט, שפעטער פארשטייט זיך, פארלאמענטארישע אינסטיטוציעס, אין וועלכע די אנטשיידונג וועט ליגן אין די הענט פון דער מערהייט. דורכן טשארטער שאפט זיך אבער א לאגע, לויט וועלכער ס'הערשט אין לאנד א יידישע אדמיניסטראציע נאך איידער די יידן שאַפן דאָרט די מערהייט, אַלס אינסטרומענט, ווי א מאנדאטאר=מאכט פאר צוועקן פון קאלאניזאציע". (אויפן 17=טן ציוניסטישן קאנגרעס).

זשאבאטינסקי האט פארשטאנען, אז מען דארף אפן פראקלאמירן דעם ענדציל פון ציוניזם, נאכער ווי פראפ. ווייצמאן האט דערקלערט, אז דער ענדציל פון ציוניזם איז די ציוויליזאַציע פון נאָענטן מזרח, נישט מיינענדיק קיין מאל, אז דער ציל פון ציוניזם איז א יידישע מדינה.

זשאבאטינסקין האט איבערפילט דער גלויבן אין דער אויפשטעלונג פון דער מדינה. זיין „מגילת הגדוד“ ענדיקט ער מיט דעם גלויבן, אַז די מדינה וועט אויפשטיין נאָך אין לעבן פון זיינע לעגיאָנערן. זיין צוואה וועגן אַריבערפירן זיינע ביינער אנטהאלט אן אמונה אין דער אַנטשטייאונג פון אַ יידישער רעגירונג. אין זיין רעדע אויפן דריטן כנוס עולמי פון בית"ר אין וואַרשע 1938 באַטאָנט ער ווידער דעם דאָזיקן גלויבן זיינעם. און ווי נביאיש איז זיין בריוו צו אַ יידישן יונגטלעכן, פון 27.11.38: „אייער דור איז באַשערט צו זען וואונדער, און אַלע צוזאַמען וועט איר שאַפן דיזע וואונדער. איך מיין, אַז שאַצנדיק פאַרזיכטיק, וועט איר אין די נאָענטסטע צען יאָר זען אַ יידישע מדינה אין אר"י, נישט נאָר אַ פראָקלאַמירטע, נאָר אויך אַ פאַקטישע".

זשאבאטינסקי האט פארשטאנען, אז אויב מען וועט נישט דערקלערן אפן וואס דער ענדציל איז, אז אויב מען וועט אים נישט

באַטאַגען השכם והערב — וועט דער סוף זיין, אז אליין וועלן מיר פארגעסן צוליב וואס דער „טורעם“ ווערט בכלל אויפגעשטעלט.

קאַטאָן דער רוימער האט פאַרשטאַנען, אז רוים וועט זיך קאָנען אַנטוויקלען נאָר נאָכן חורבן פון קארטאגא, ווייל נאר אויף די חורבות פון פיינט קען דיין בנין אויפגעשטעלט ווערן אלס פרייהייטס=אנזאג פאר אלע דיינע קינדער. און קאטאן האט זיך נישט געשראקן. ער האט געוואלט דערציען די יוגנט אין גייסט פון חורבן=קארטאגא, וועלכער מוז קומען דורך רוים, דערפאר האט ער יעדע אייגע פון זיינע רעדעס געענדיקט מיט איין זאץ: „טראָץ אלעם גלויב איך, אז קארטאגא וועט חרוב ווערן!“. קאטאן האט זיך פאר קיינעם נישט געשראקן, נאר אפן פאר אלעמען, פאר זיין פאלק און פאר דער וועלט, האט ער זיין גלויבן פראקלאמירט און דעקלארירט.

און דער רעליגיעזער ייד — אויך ער האט זיך פאר גארנישט געשראקן, נאר אפן און טאָג=טעגלעך זיין גלויבן עפנטלעך פאַר זיין פאלק און פאר דער וועלט פראקלאמירט. יעדן טאג האט ער געזאגט: „ואעפ״י שיתמהמה, בכל זאת אחכה לו בכל יום שיבוא!“ — טראָץ דעם, וואס עס וועט זיך פארזאמען דערוואַרט איך אים דאָך יעדן טאָג ער זאָל קומען. „ער“, דער משיח, דער יידישער משיח. ווייל די אמונה בביאת המשיח איז דער ענדציל פון יידישן גלויבן.

און דערפאר דארף אויך דער ציוניזם אפן דערקלערן פארן פאלק און פאר דער וועלט וואס איז דער ענדציל פון ציוניזם.

און אויב יידנשטאט איז דער ענדציל — טאָ אין וואָס פאַראַ גרעניצן זאָל דער יידנשטאט זיין? און זשאבאטינסקי ענטפערט: סיי מזרח און סיי מערב, ביידע זייטן פון ירדן — „שתי גדות לירדן“, און פונקט ווי „זו שלנו“ — איז „זו גם כן!“. דאס איז געווען א פעסטשטעלונג אין א תקופה, ווען אין די שולן האט מען שוין געלערנט, אז דער מזרח=גבול פון אר״י איז ים כנרת, דער ירדן און ים המלח. זשאבאטינסקי האט אבער געגלויבט, אז די גרעניצן פון דער יידישער מדינה דארפן זיין די אייביקע גרעניצן לויט אונזער געשיכטע, די היסטארישע גרעניצן. די גרעניצן זיינען „מדן ועד באר=שבע ומגלעד לים“.

„מ׳קען סטיליזירן מיין פארמולירונג, מ׳קען זאָגן אנשטאט „ביידע זייטן פון ירדן“ — די היסטארישע גרעניצן אין די צייטן פון דוד המלך, אדער „אין די צייטן פון די צוועלף שבטים“, אדער „קאלאניזאציע אין גאנצן מאנדאט=געביט“. די פארמולירונג דארף אבער ארומנעמען ביידע זייטן פון א באשטימטן טייך“ (אויפן 17=טן קאנגרעס).

דאס קליינע ליטוויש פאלק האט קיינמאל נישט פארצייכנט אויף ווילנע. אין יעדער שטאט איז געווען א בוים צום אנדענק פון ווילנע. אויף יעדער פאָסט=קאַרטל איז געווען א בילד פון ווילנע. אין אלע שפראכן האבן די ליטווינער געפירט פראפאגאנדע וועגן זייערע היסטארישע רעכט אויף ווילנע. אין יעדער שולע האָט מען פאַרהערלעכט געדימינס חלום וועגן די וועלף אויפן שטח פון ווילנע. צום האגער טריבונאל איז מען געגאנגען וועגן ווילנע. צוויי א האלב מיליאן ליטווינער האבן איבערגעריסן באציאונגען מיט 30 מיליאן פאליאקן צוליב ווילנע. א יערלעכער טרויער=טאג איז געווען דער טאג, ווען די פאָליאַקן האָבן צוגענומען ווילנע. גענ. זשעליגאווסקי איז געווען פארהאסט צוליב ווילנע. די פאליאקן אין ליטע זיינען געווען פארפאלגט צוליב ווילנע. יעדע ליטווישע מאפע האָט פאַרצייכנט אַלס אַן אינטעגראַלן טייל פון דער מדינה דעם אקופירטן טייל ווילנע. קאוונע איז געווען בלויז „די צייטווייליקע הויפט=שטאט“; די היסטארישע הויפטשטאָט איז געבליבן ווילנע ביי יעדער געלעגנהייט איז באטאנט געווארן: „מיר וועלן נישט רוען אן ווילנע“.

אמת, דער יידישער פאטריאטיזם שטייט פיל העכער פון ליטוויש. אבער ווי אזוי האט ער רעאגירט אויפן אפריים פון לאנד פון די שבטים ראובן, גד און דער האַלבער שבט מנשה? נישט איין ווילנע, נאָר צוויי דריטל

פון אונזער פאטערלאנד? קק"ל פלאנצט בוימער, און קיין בוימעלע און קיין גרעזעלע אויפן נאמען פון עבר־הירדן איז נישט בנמצא. קיין בילד פון גלעד און בשן ווערט נישט פארשפרייט, קיין פראפאגאנדע וועגן אונזערע היסטארישע גערעכטע רעכט אויפן עבר־הירדן ווערט אין קיין שום שפראך נישט אנטוויקלט. קיין ווענדונג צו קיין אינטערנאציאנאלער קערפערשאפט איז נישטא. אין לעקציעס פון פאלעסטינאגראפיע איז זיין זכר נישטא. די פראקלאמירונג פון 25־טן מאי (דער טאג פון סעמועלס רעדע וועגן אפריים) אלס נאציאנאלן טרויער־טאג איז נישטא... און א יידיש האנט האט אונטערגעשריבן, אז זי איז מסכים... און ווען מען שרייבט אונטער, אז מיר באגנוגענען זיך מיט א טייל פון אר"י איז עס במילא א צושטימונג אויף אן אראבישער מדינה אין די איבעריקע טיילן פון אונזער פאטערלאנד.

זשאבאטינסקי איז דער, וועלכער באַצייכנט אין דער ערשטער מצווה פון בית"רישן נדר דעם געדאנק פון אויפלעבן דעם יידנשטאט אויף ביידע זייטן פון ירדן. ער האט דאך טאקע דערקלערט: „תשכח ימיני הבוגדת, אם אשכח את שמאל הירדן!". („שמאל הירדן").

## יא. זשאַבאָטינסקי און זיין באַוועגונג

און כדי צו פארווירקלעכן די אלע אידייען — פון ליבעראליזם און טאקט און „הדר", פון לעגיאן און מאניזם, די סאציאלע (און נישט־סאציאליסטישע) איינשטעלונג, פון עוואקואציע און רעטונג, פון ליקווידאציע פון גלות פריער ווי ער וועט אונז ליקווידירן, פון דער יידישער מערהייט און די אראבישע איינשטעלונג, פון יידנשטאט און פון די היסטאָרישע גרעניצן — האט זשאַבאָטינסקי געגרינדעט דעם בית"ר.

„נארמאלער ווייזע „רייסט זיך אַרויס" די יוגנט צו דרייסטע טאטן, און דער דערוואקסענער דור שטערט אים, באַרואיקט אים און שרייט: רואיק". — אבער ביי אונז איז דער קעגנזאץ נישט געווען. די אבסאלוטע מערהייט פון דער יוגנט האט אויך געפרעדיקט דעם „רואיק". — אזוי דעפינירט ער זיין דור אין יידנטום.

און ער וויל שאפן א נייעם טיפ ייד. ער ווייסט, אז ס'זיינען דא אייניקע סאָרטן מענטשן לגבי דעם באגריף „יוגנט". יונג אין יארן און אלט אין גייסט — איז נישט „יוגנט"; אלט אין יארן און אלט אין גייסט איז אויך נישט „יוגנט"; יונג אין יארן און יונג אין גייסט — דאס איז דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פאר „יוגנט"; אבער עס קען אויך געמאלט זיין אלט אין יארן און דאך יונג אין גייסט—אויך דאס איז „יוגנט".

זשאבאטינסקי איז שטענדיק געווען יונג אין גייסט, שטענדיק האט ער געהערט צו דער „יוגנט". אט גיט איבער געפשטיין אין זעכצטן קאפיטל פון זיין מאנאגראפיע, אז אין 1922 גיט אים איבער זשאבאטינסקי אין קארלסבאד וועגן זיין געדאנק צו שאפן דעם רעוויזיאָניזם. און געפשטיין פרעגט: „צי זיינען מיר נישט צו אלט אנצוהויבן פון דאסניי?" זשאַבאָטינסקי ענטפערט: „וואָס רעדסטו? מיר זיינען עלטער ווי פערציק. די בעסטע יארן. איך פיל אין זיך א שטראם און צופלוס פון כחות און איניציאַטיוו, וואָס זייער גלייכן האב איך נאך קיין מאל נישט געפילט".

זעכציק יאר איז ער אלט געווען, ווען ער איז געשטארבן. און יוסף העפטמאן האט טאקע גלייך נאך זיין טויט געשריבן, אז עס לאזט זיך גארנישט גלויבן, אז ער איז געשטארבן, ווייל דער נאמען זשאבאטינסקי האט תמיד סימבאליזירט מיט זיך אין די אויערן פון פאלק דעם באגריף „יוגנט".

זשאבאטינסקי איז געווען שטענדיק דער יוגנטלעכער. שטענדיק האט ער גערופן צו ברעכן די רואיקייט. די אנגענעמסטע צייט זיינע איז געווען זיך צו געפינען צווישן די בית"רים, ווי עס שילדערט מיט אזוי פיל וואַרימקייט אייזיק רעמבא. אויך זיי, די בית"רים, האבן אים געזען אלס יוגנטלעכן—ער איז דאך געווען זייער ראש בית"ר.

און ווייל בית״ר סימבאָליזירט יוגנט — דארף זי פארמאגן אויך דעם אויסערלעכן גלאנץ און פראכט. דערפאר רעדט ער אין זיין אַרטיקל „וועגן מיליטאַריזם“ און אין זיין רײדע וועגן בן־יוסף אויפן 3־טן כנוס עולמי פון בית״ר אין ווארשע 1938 וועגן דער וויכטיקייט פון „טכס“, פון „צערעמאניע“.

און אין בית״ר, אין זיין בית״ר, האט ער גערופן צו ברעכן און צו בויען. „לנתוש ולנתוץ, ולהאביד ולהרוס; לבנות ולנטוע“. יא, ברעכן און צעברעכן; יא, שטערן און צעשטערן; אבער מיט א ציל — צו בויען און פלאַנצן. ווייל מען קאָן נישט בויען אַ נייעם בנין כל זמן אויפן זעלבן ארט שטייט א פארפוילטע חורבה. פריער מוז מען צעברעכן דעם אַלטן בנין, כדי מען זאָל קאָנען אויפן זעלבן ארט בויען דעם נייעם פאלאץ. ווייל בויען דעם נייעם בנין פון יידישער יטערלעכקייט און פלאנצן דעם נייעם זאמען פון יידישער שטאטלעכקייט האט געוואלט זאב זשאבאטינסקי. און, ווי געזאגט, ער האט זיך נישט מיאש געווען ווען דער זאמען איז פארפוילט געווארן. מעג פארפוילט ווערן דער זאמען איין מאל, און צוויי מאל און צען און הונדערט מאָל; ער וועט פלאַנצן פונדאָסניי — ביז דער זאמען וועט עגדלעך זיינע פרוכטן געבן, און דער נייער טיפּ ייד וועט אנטשטיין, דער בית״רישער גייסט וועט באהערשן די יידישע יוגנט, און זי וועט נעמען איר גורל אין אירע אייגענע הענט, און די יידישע פרייהייט וועט קומען. און די א פרייהייט דארף דער מענטש פרייוויליק אויף זיך אויפנעמען: „חוקת־בית״ר היא הד למשאת נפשי, ומפקדיה הם שליחי“ (די זיבעטע מצווה פון נדר). אדער ווי ער זאגט אין זיין „שיר הנדר“: „חפשי את חוק־בית״ר המלכתי על עצמי, כי צו־בית״ר הוא הד לצו־לבי — לנדר, השר בתהום דמי“. אדער ווי ער זאגט אין קאפיטל „א זשורנאליסט“ פון „ספור ימי“: „פריי ביסטו געבוירן געווארן, פריי פון פליכטן — ווייל פון קרבן קומען נישט קיין געבענטשטע פרוכטן. פאר דעם ווילן בוי אַ מזבח. — אויך דעם יאָך לייגסטו ארויף אויף זיך נישט ווי א קנעכט, וואס גיט זיך אונטער א באפעל, נאר ווי א הערשער, וואס דערפילט זיין אייגענעם ווונטש“.

אזוי האט ער געשאפן דעם בית״ר פאר דער יוגנט. — און פאַר די דערוואקסענע? — אויך פאר זיי זארגט זשאבאטינסקי. ער שאפט פאר זיי דעם „ברית הציונים הרביזיוניסטים“ (ברית הצה״ר), וועלכער זאל, אזוי ווי דורך א „צהר“ (פענצטער) ארייגקוקן אין ציוניסטישן שולחן ערוך, און שטענדיק רופן צו דער רעוויזיע, צי די ציוניסטישע פאליטיק גייט ווירקלעך לויט די דינים פון דעם דאזיקן שולחן ערוך.

און אויך דא ליגט די גרויסקייט פון זשאַבאטינסקי.

ווייל דריי סארטן מנהיגים זיינען דא. עס זיינען דא פירער, און עס זיינען דא פירער, און עס זיינען דא פירער.

עס זיינען דא פירער, וועמענס באוועגונגען עקזיסטירן, אבער זיי אליין זיינען פארגעסן געווארן.

עס זיינען פאראן פירער, וועמענס נאמען איז געבליבן, אבער זייער באוועגונג איז פארשוואונדן.

און עס זיינען אויך פאראן פירער, וועמענס נאמען לעבט און וועמענס באוועגונג לעבט מיט דעם לעבעדיקן אידעאל פון געשטארבענעם אידעאלאג.

א מנהיג פון דריטן סארט איז זאב זשאבאטינסקי.

ווייל מען קאָן נישט רעדן וועגן זשאַבאָטינסקי נישט דערמאנענדיק דעם רעוויזיאניזם, און מען קאָן נישט רעדן וועגן רעוויזיאניזם נישט דערמאנענדיק דעם נאמען זשאבאטינסקי.

זשאבאטינסקי און זיין באוועגונג זיינען איינס און דאס זעלבע. ביידע האבן זיי געהאט דעם זעלבן גורל: פארשריען געווארן ביים אנפאנג, און באשטעטיקט געווארן אלס גערעכטע דורך דער געשיכטע, ווען דאס פאלק האט אנגענומען זיינע־אירע וועגן.

הצה"ר איז געשאפן געווארן צוליב דעם „וואס ס'איז פארקלענערט געווארן דער שוואנק פון ציוניזם. — דער ציוניזם האט פארמינדערט די צויבער-הערשאפט אויף די יידישע נשמות. — ס'באשטייט די סכנה, אז ס'וועט פארשווינדן ווערן דער ריינער ציוניסטישער פאטאס און די ריינע ציוניסטישע באגייסטערונג" (זשאבאטינסקי אויפן 17-טן קאנגרעס).

„שוואנק", „צויבער-הערשאפט", „פאטאס", „באגייסטערונג" — דאס איז בית"ר, און דאס איז הצה"ר. אין עלטער אונטערשיידן זיי זיך; אין גייסט זיינען זיי איינס און דאס זעלבע, און איינער איז דער פאטער פון ביידן. „ז'בוטינסקי, בית"ר והצה"ר — חד הם!".

## ב. זשאבאטינסקיס צוואות

אידעאלן האט ער איבערגעלאזן, א באוועגונג האט ער איבערגעלאזט, און נאך עפעס האט ער איבערגעלאזן. דריי צוואות.

א פאליטישע צוואה — פארן פאלק; אן ארגאניזאציאנעלע צוואה — פאר זיינע תלמידים; און א פערזענלעכע צוואה — פאר דער ערשטער יידישער רעגירונג.

די פאליטישע צוואה — וואס איז זי?

איר געפינען מיר אין „שמשון", דער אויטאביאגראפישער ראמאן פון זאב זשאבאטינסקי.

חרמש, איינער פון די „שועלי-שמשון", פרעגט שמשון: „האם תצוני להגיד דבר בשמך?" (צי וועסטו מיר אנזאגן איבערצוגעבן עפעס אין דיין נאמען?). שמשון טראכט, און דאן זאגט ער: „שני דברים אמור נא להם בשמי" (צוויי זאכן זאג זיי אין מיין נאמען). „הדבר הראשון הוא ברזל" (דאס ערשטע איז אייזן). „יקבצו ברזל. יתנו בברזל את כל אשר להם: כספם וחטתם, שמנם ויינם ועדריהם, נשיהם ובנותיהם. הכל יותן בברזל. אין יקר מברזל" (זאלן זיי זאמלען אייזן, אלץ וואס זיי פארמאגן זאלן זיי אפגעבן פאר אייזן: זייער געלט און ווייץ, בוימל און ווין און שאף, פרויען און טעכטער. אלץ זאל געגעבן ווערן פאר אייזן. נישטא קיין טייערע זאך ווי אייזן). און שמשון פרעגט: „והתגידה?" (צי וועסטו דאס איבערגעבן?). און חרמש ענטפערט: „הגד אגיד, יבינו את זאת!" (איך וועל דאס איבערגעבן, און דאס פאלק וועט פארשטיין!).

שמשון זעצט פאר: „והשנית לא יבינו, אולם עליהם למהר להבין את זאת. הדבר השני הוא מלך" (און דאס צווייטע, וואס זיי וועלן נישט פארשטיין, אבער זיי דארפן זיך צואיילן און דאס פארשטיין. די צווייטע זאך איז א קעניג). „אמור נא זאת לדן, לבנימין, ליהודה, לאפרים: מלך! האחד יתן להם אות ואלפי איש ירימו ידם", (גיב דאס איבער צו אלע שבטים: א קעניג! איינער וועט זיי געבן א צייכן, און טויזנטער מענטשן וועלן אויפהויבן זייערע הענט). „ככה יעשו הפלשתים ועל כן ימשלו בכנען" (אזוי פירן זיך די פלשתים, און דערפאר רעגירן זיי אין אר"י). „אמור נא מצרעה ועד חברון ושכם והלאה עד עין דאר וליש: מלך!" (גיב איבער אין אלע שטעט: א קעניג!).

און חרמש ענטפערט: „הגד אגיד!" (איך וועל דאס איבערגעבן). און דאן פרעגט חרמש, קושנדיק די האנט פון שמשון: „את שני הדברים האלה אגיד בשמך ליצם; אולם האם לא תגיד מאומה לנו, לאנשי-שלומנו, לנו ולבנינו?" (די צוויי זאכן וועל איך איבערגעבן אין דיין נאמען צום פאלק. אבער צי וועסטו קיין זאך אונז נישט זאגן, אונז, דיינע מענטשן, אונז און אונזערע קינדער?).

שמשון וויינט א מינוט, טראכט א מינוט און דאן זאגט ער: „אין מאומה" (גארנישט).

ווייל שמשון-זשאבאטינסקי זאגט, אזוי צו זאגן: מיין צוואה גיב איך איבער פארן גאנצן פאלק, און נישט פאר איין טייל פון פאלק! דאס גאנצע פאלק אויף אלע זיינע שיכטן, קרייזן, קלאסן, ריכטונגען, שאטירונגען און שטרעמונגען, אויף אלע זיינע פארטייען און באוועגונגען און ארגאניזאציעס — אלע זיינען זיי איין פאלק, און אלע זיינען זיי מיר טייער אין דער זעלבער מאס! און זיי אלעמען גיב איך איבער מיין פאליטישע צוואה. איין שבט אין פאלק — און מעג ער אפילו זיין דער אויסדערוויילטער און אויס-

דערוויילטסטער=איז דאך נאר איינער, איין טייל פון פאלק, און נישט דאס גאנצע פאלק!

הרמש גייט שוין צוריק. און שמשון=זשאַבאטינסקי רופט אים און זאגט: „שבתי ורעיתי כי טוב אשר תגיד להם בשמי לא שני דברים, כי אם שלושה" (איך האב מיר אַרומגעזען, אז בעסער איז דו זאלסט איבערגעבן דעם פאלק אין מיין נאמען נישט צוויי זאכן, נאר דריי). „לקבוע ברזל, לשים עליהם מלך וללמוד צחוק!" (זאמלען אייזן, זיך נעמען א קעניג און לערנען לאכן). שווער איז דיין לעבן יידיש פאלק, אבער פארגעס נישט מיט א שמייכל אויף די ליפן אויסצושטיין אלע דיינע צרות. לערן לאכן! לערן דעם ענגלישן: „טייק איט איזי"!

מיט דעם „צחוק" אויף די ליפן נעם דעם „ברזל" אין האנט און קעמף ביז דו וועסט זיך דעראבערן דיין מלוכה — דיין „מלך"!

זשאבאטינסקי גיט דא איבער דריי געבאטן, און דריי גרונד=פרינציפן גיט ער פאר זיין בית"ר. די דריי געבאטן פון דער פאליטישער צוואה זיינען: „ברזל, מלך, צחוק"; און די דריי גרונד=פרינציפן פון בית"ר זיינען: „לגיון, מוניזם, הדר". צי האָט שוין עמיצער באמערקט דעם פאראלעל צווישן דער „צוואת שמשון" און די בית"רישע גרונד=פרינציפן? „ברזל"=„לגיון", „מלך"=„מוניזם" און „צחוק"=„הדר"! אַ לעגיאָן צום קאַמף מיט דעם אייזן; איין מלך („האחד יתן אות") און מאניזם מיט איין פאן און איין אידעאל; און דער שיינער טאקטישער שמייכל מיט דער האלטונג פון „הדר".

דאס איז די ערשטע צוואה, די פאליטישע צוואה, די צוואה פארן פאלק.

* * *

און די ארגאניזאציאנעלע צוואה — וואס איז זי?

איר געפינען מיר אין א טעלעגראמע פון זשאבאטינסקי אייניקע חדשים פאר זיין טויט צו זיינע תלמידים אין אר"י.

„שובו לכל המוסדות הישוביים! כבשו בהם עמדות! והיה, אם יקפחוכם — יחול החטא על ראש מקפחיכם!" (קערט זיך צוריק אין אלע אנשטאלטן פון ישוב, דעראבערט דארט פאזיציעס, און אויב מען וועט אייך באַוועלה'ן — דאן זאל זיין דער חטא אויף די קעפ פון די, וואס וועלן אייך באַ'עוולה'ן).

און זיינע תלמידים האבן זיין צוואה דערפילט. זיי זיינען געקומען צוריק. זיי ווילן זיך מער נישט אפזונדערן פון כלל ישראל, זיי ווילן לעבן צוזאמען מיט אלע יידן. אבער ווי האָט מען זיי אויפגענומען? וואס איז דער קבלת פנים, מיט וועלכן מען האט זיי באַגעגנט? — בעסער פרעגט נישט! לייענט אין ביולעטין נומער 5 פון 22=טן ציוניסטישן קאנגרעס אין באזעל די ערשטע פארקירצטע שורות פון דער רעדע פון ד"ר אריה אלטמאן בעת דער עלפטער זיצונג פון קאנגרעס, פרייטיק דעם 13.12.46: „ער שטעלט זיך אפּ אויף א ריי פאקטן, וועלכע זיינען מחייב צו ערנסטע מסקנות. ער דערמאנט די אנפאלן אויף די רעוויזיאניסטן בעת דער נעכטיקער זיצונג. אנשטאט איינצוזען, אז א נייער כח איז צוגעקומען צום קאנגרעס, פאלט מען אן אויף דעם כח. רעוויזיאניזם איז א פאקט. און אנשטאט צו אנערקענען דעם פאקט און זיך רעכנען מיט אים, קומט מען איצט צום קאנגרעס און מען באהאנדלט דעם אדער יענעם פארמעלן פונקט. דאס איז נישט מער ווי דעמאגאגיע". דוכט זיך, אז די אייניקע שורות רעדן שוין גענוג פאר זיך. אן ביילאַגעס דערצו — דוכט זיך, אַז יעדער איינער ווייסט זיי און קען זיי פון לעבן...

דאס איז די צווייטע צוואה, די ארגאניזאציאנעלע צוואה, די צוואה פאר זיינע תלמידים.

און אויך זי איז פון גרויס=פאליטישער באדייטונג: דער מאן, וואס גיט איבער זיין פאליטישע צוואה צום גאנצן פאלק — וויל, אז זיינע תלמידים זאלן זיך געפינען צוזאמען מיט דעם גאנצן פאלק.

ווייל אַרבעטן מיט כלל ישראל האָט ער דאָך שטענדיק געוואָלט, נאָר מען האָט אים נישט געלאָזט. אָט ווענדעט ער זיך נאָך אין 1921 צום 12=טן קאָנגרעס ביים סוף פון זיין גרויסער רעדע: „לאָמיר בויען בריקן איי=

נער צום צווייטן, ס'איז דאָ אַן אַרבעטס־פעלד פאַר אַלעמען! אויסער די זאַכן, אין וועלכע מיר גייען זיך פאַנאַדער, זיינען דאָך אויך פאַראַן זאַכן, אין וועלכע מיר זיינען דאָך פאַראייניקט. קומט און לאָמיר אַרבעטן צוזאַמען! רופט צו אַ געמיינזאַמער אַרבעט אויך די אַנדערע הירן!".

* * *

און די דריטע צוואה — וואס איז זי?

איר געפינען מיר אין דער צוואה פון זשאַבאטינסקי.

„באשר אמות —תקברוני במקום שאמות. אל תעבירו את עצמותי לאר"י, אלא בפקודת הממשלה העברית, לכשתקום" (ווען איך וועל שטארבן — זאלט איר מיך באערדיקן אין דעם ארט, ווו איך וועל שטארבן. איר זאלט מיינע ביינער נישט איבערפירן קיין אר"י, נאר לויט דער פאראָרדנונג פון דער יידישער רעגירונג, ווען זי וועט אנטשטיין).

— איר האט געהערט? — דער גרינדער פון אדעסער זעלבסטשוץ, דער ערשטער זעלנער פון ישראל, דער באשיצער פון ירושלים, דער ערשטער עבוער ארעסטאנט, דער אויפלעבער פון דער העברעאישער שפראך, דער מאן וועלכער האט געוואלט ראטעווען דעם גלות פריער ווי ער איז חרוב געווארן, דער קעמפער פאר דער יידישער מדינה, דער הייסער ציוניסטישער פאטריאט וועלכער האט זיין גאנצן לעבן געאפפערט פאר זיין פאלק, דער מענטש וועלכער איז געשטארבן מיט א „פארמעגן" פון פיר דאלאר; דער ייד וואס די ענגלישע רעגירונג האט אים אין לאנד בעת זיין לעבן נישט אַריינגעלאָזט צוליב זיין טריישאַפט צו זיין פאלק; דער מענטש וועלכער האט אלע זיינע פעאיקייטן געשטעלט אין דינסט פון פאלק און איז געשטארבן מיט א „פארמעגן" פון פיר דאלאר— ער זאגט, אזוי צו זאגן: וועט אבער די יידישע רעגירונג איינזען, אז איך בין נישט געווען גענוג טרייו פאר דעם שטאטלעכן רענעסאנס פון מיין באפרייטער פאטערלאנד, און אז מיינע ביינער זיינען נישט ראוי צו רוען אויפן הייליקן באדן צווישן מיין באפרייטן פאלק ישראל— דאן הארכט די רעגירונג, רעספעקטירט אירע געזעצן, ווייל דאס איז אונזער רעגירונג, זי איז א יידישע רעגירונג — פילט אויס איר פאראָרדנונג, טראץ דעם וואס זי וועט זיין לויט אייער איינזען נישט קיין גערעכטע — און זאלן מיינע ביינער רוען אין גלות!...

א שיינע און באשיידענע צוואה פון א שיינעם און באשיידענעם מאן צו א שיינעם און באשיידענעם פאלק, וועלכער דארף אייגענטלעך זיין ראוי צו דעם, אז אויך א שיינע און באשיידענע רעגירונג זאל איבער אים רעגירן...

דאס איז די דריטע צוואה, די פערזענלעכע צוואה, די צוואה צו דער יידישער רעגירונג.

און אויך זי אנטהאלט אין זיך א פאליטישן אינהאלט: א רעגירונג איז נישט קיין אגענץ, און נישט קיין ציוניסטישע ארגאניזאציע, ווו מען קען אריינגיין און ארויסגיין, ווען נאר ס'גלוסט זיך — א יידישע רעגירונג מוז האבן די אנערקענונג פון איר פאלק, ווען אפילו זי באגייט אומרעכטן. איר מעגט זיין אין אפאזיציע צו איר, אבער אין א לאיאלער אפאזיציע.

## יג. איינער איז געווען זשאַבאָטינסקי

אזוי האט ער געלעבט און אזוי איז ער געשטארבן. שיין געלעבט און שיין געשטארבן.

און אזוי איז ער געקומען, און אזוי האט ער געלעבט, אזוי איז ער אויך אוועק.

אלס אפאזיציאנער איז ער געקומען, אלס אזא איז ער געווען, און אלס אזא איז ער אוועק.

שטענדיק איינזאם און אליין. איינער איז געווען זשאבאטינסקי. איינער אין א דור, אין א בלינדן דור, אין א פארבלענדעטן דור. איינער אין זיין גרויסקייט. אויפן שפיץ בארג איז ער געשטאַנען, און קיינער קאָן צו אים נישט צוקומען. העכער פון גאנצן פאלק איז ער געווען. און דערפאר זאל זיך קיינער נישט איינרעדן, אז ער וועט פארנעמען זיין ארט. נישט דער און נישט יענער וועט זיין פעאיק

דערצו. אויף זיין אָרט קאָן קומען אַ קאָלעק־טיווע פירערשאפט. אבער קיין נייע פירער קאָן מען נישט אָנערקענען. איינער איז געווען גאָר זשאַבאָטינסקי. איינער אין זיינע נביאות און פאָרויסזאָגונגען — ווייל געווען איז ער דער נביא פון חורבן און פון גאולה צוזאמען. ער האָט פאָרויסגעזען דעם קאַטאַקליזם און דעם חורבן פון אייראפעאישן יידנטום, וועלכן ער האט געוואלט ראטעווען. ער האט אָבער אויך פאָרויסגעזען די אַנטשטייאונג פון א יידישער מדינה מיט א יידישער רע־גירונג, צו וועלכער ער לאזט איבער א צוואה.

איינער אין זיין גרויסקייט, איינער אין זיין נביאות און איינער אויך אין זיין קאמף פאר זיינע אידייען—איינער אין זיין איינזאמקייט.

מיר האבן זיך שוין פריער אפגעשטעלט וועגן דער איינזאמקייט פון זאב זשאבאטינ־סקי אין זיין קאמף פאר זיינע אידייען („מיט דעם כח פון „ככה"). יא, איינזאם און אליין פאדערט ער די רעוויזיעס. איינזאם און אליין גרינדעט ער דעם לעגיאן, וועלכער האט שפעטער געבראכט צו דער באלפור־דעקלא־ראציע. איינזאם און אליין געקעמפט פאר אלע זיינע אידעאלן אין לויף פון זיין גאנצן לעבנס־וועג — דער אָפּאָזיציאָנער בה"א היריעה. גיט ער דאָך טאָקע איבער אין „ספור ימי", אַז קומענדיק צום אוגאנדא־קאָנגרעס האָט ער גלייך געפילט, אַז זיין אָרט איז אין דער אָפּאָזיציע, טראָץ דעם וואָס ער האָט נאָך נישט געוווסט פאַרוואָס. אויסגעלאַכט דורך אַלעמען, אָבער באַגלייט דורך דעם אמת פון זיין הארצן. ווי דריקט ער זיך אוים אין קאפיטל „א זשורנאליסט" פון „ספור ימי", איבער־געבנדיק וועגן זיינעם א מאנאלאג אין „א־דעסקאיא גאוואסטי" פון 1901: „פאר דעם ווילן זאלסטו בויען א מזבח, דער ווילן איז דיין פירער, ווו ער וועט דיך פירן זאלסטו גיין!". יא, מיט דעם כח פון ווילן איז ער געגאנגען איינער קעגן אלעמען.

איינער אליין איז ער געווען אין קאמף פארן לעגיאן. אלע האבן פארשטאנען, אז היות און מען קען נישט וויסן וועלכער צד וועט זיגן, דארפן מיר זיך אין דער מלחמה נישט מישן. און ער איז געווען דער איינצי־קער, דער איין און איינציקער, וועלכער האט געזען פאָרויס מיט זיין נביאישן חוש, אַז זיגן וועלן די אליאירטע. און דערפאר דארפן מיר זיך שטעלן אויף זייער צד. „דערפאר", און נישט ווייל זיי זיינען אונז „ליבער". דאס איז דאך פאקטיש רעאל־פאליטיק.

אין קאמף פארן לעגיאן? — איינער איז געווען זשאבאטינסקי.

און אין קאמף קעגן דער אויפלעזונג פון לעגיאן?—איינער איז געווען זשאבאטינסקי.

און אין קאמף פאר דער אויפשטעלונג פון דער „הגנה"? — איינער איז געווען זשא־באטינסקי.

און פארמשפט צו ווערן אויף 15 יאר תפיסה?—איינער איז געווען זשאבאטינסקי.

און אין קאמף פאר דער איינפירונג פון דער העברעאישער שפראך אין לעבן פון גלות? — איינער איז געווען זשאבאטינסקי.

און אין קאמף פאר דעם אריבערגאנג אויף דער הברה ספרדית אין דער פאעזיע? — איינער איז געווען זשאבאטינסקי.

און אין קאמף פאר דער אויסברייטערונג פון אוניווערסיטעט אויפן הר־הצופים? — איינער איז געווען...

און אין קאמף פאר דער דעראבערונג פון ים, פאר א יידישער ים־שולע אין ציוויטא־וועקיא, פאר א יידישער מיליץ (אויפן 16־טן קאנגרעס אין 1929 אין ציריך), פאר דער אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע (ווייל די אויפנאמספעאיקייט פון א לאנד איז אפהענ־גיק פון דער קוואליטעט פון די מענטשן און ווי אזוי זיי אנטוויקלען זייער לאנד עקאנא־מיש. זע — זיין עדות פאר דער קעניגלע־כער קאמיסיע פון א"י, דעם 11.2.37), פאר דער עוואקואציע און יציאת־אירופה, פאר א יידישער ארמיי, פאר א יידישער רע־גירונג (זיין לעצטער בוך „דער קאמפס פראנט פון יידנטום") און פאר א יידישער מדינה א.אזוו. א.אזוו. — איינער...

איינער קעגן אלע. און ווער רעדט נישט היינט וועגן דעם, אויב נישט אלע?! ווער זיינען די „אלע", אויב נישט דאס גאנצע פאלק; און ווער איז דער „איינער", אויב נישט ער, דער איינער, זאב זשאבאטינסקי?!

ווייל דער גורל פון א נביא איז געווען זיין גורל, און נאך ערגער פון דעם איז געווען

זיין גורל. דער גורל פון א נביא איז נישט פארשטאנען צו ווערן בעת זיין לעבן; אבער נאך דער פארווירקליכונג פון זיין אידעאל — ווערט ער דורך אלעמען דערמאנט.

„אויל הנביא, משוגע איש־הרוח", „חוזה, לך, ברח!", אין א גרוב ווערט ער אריינגע־ווארפן (ירמיהו), אין א בוים ווערט ער צע־שניטן (ישעיהו), אין בית־המקדש ווערט ער דערמארדעט (זכריה), אין טורמע ווערט ער פארשפארט (הוש), געראדפט דורך אן אומ־באוווסטזיניקער מאסע פאר וועמענס וויל ער קעמפט ווי א קופערניקוס און א רוסא, אויסגעלאכט שטענדיק נוסח „צו לצו, צו לצו, קו לקו, קו לקו, זעיר שם, זעיר שם". איינער אליין קעגן 400 פאלשע נביאים (אליהו), איינער פאר מאנאטאאיזם אין א וועלט פון פאלאטאאיזם.

דערפאר זעען מיר דעם שרעק פון נביא אין די מאמענטן פון התגלות־הנבואה: „שלח ביד תשלח", „איש טמא שפתים אנכי", „נער אנכי". ער וויל נישט גיין קיין נינוה, און גאט געפינט אים. ער געזעגנט זיך שוין נוסח „את מי עשקתי ואת מי רצותי ומיד מי לקחתי כופר?", און מוז צוריקקומען. יא, שווער איז זיין גורל. אבער ווען זיין נבואה ווערט פארווירקליכט — דאן „ובבואה, הנה באה, וידעו כי נביא יהיה בתוכם".

זיבן און זיבן און זיבציק מאל איז אבער דער גורל פון זשאבאטינסקי ערגער ווי דער גורל פון נביא!

זיין טרוים — אט פאר אונזערע אויגן ווערט פארווירקליכט דער ערשטער עטאפ פון זיין טרוים, און זיין נאמען ווערט נישט דערמאנט. אפשר דארף מען ווארטן ביז זיין גאנצער טרוים וועט פארווירקליכט ווערן, און דאן ערשט, ווען די יידישע מדינה וועט זיין א פאקט אין אירע היסטארישע גרעניצן, ווען דאס גאנצע לאנד וועט געהערן צום גאנצן פאלק — ערשט דאן וועט מען אפשר זיין נאמען דערמאנען?! אפשר?...

און איך ווייס: רעליגיעזע יידן וועלן זאגן: סטייטש! „משמתו נביאים האחרונים, חגי זכריה ומלאכי, נסתלקה רוח הקודש מישר־אל" (סנהדרין יא'). זייט עס זיינען גע־שטארבן די לעצטע נביאים איז דאך אוועקגענומען געווארן די רוח הקודש פון יידן. זאל דא טאקע דערלויבט זיין צו באווייזן א צווייטן אמר: „מיום שחרב בית־המקדש נטלה נבואה מן הנביאים ונתנה לחכמים.— אטו חכם לאו נביא הוא: — — דהכי קאמר: אעפ"י שנטלה נבואה מן הנביאים — מן החכמים לא נטלה" (בבא בתרא), ווייל „חכם עדיף מנביא" (בבא בתרא יב').טראץ דעם, וואס די נבואה איז אוועקגענומען גע־ווארן זייט דעם חורבן בית־המקדש פון די נביאים — איז זי פון די חכמים נישט א־וועקגענומען געווארן, ווייל א חכם איז בי־לבער ווי א נביא.

יא, דער חכם זשאבאטינסקי — אויף אים האט אויך גערוט די נבואה! און ווי זאגט דער רמב"ם אין „מורה נבוכים" (חלק ב' פ' מה'), אז ווען א מנהיג שטעלט זיך אויף „להצלת קהל חשוב" — איז דאס די ערשטע פון די מדרגות רוח־הקודש און די „תחלת־הנבואה".

און דערפאר ווען מען פרעגט אונז: „פאר־וואס רעדט איר אזוי פיל וועגן זשאבאטינס־קי?" — ווייזן מיר אויף ווי אזוי אין אנדע־רע ריכטונגען רעדט מען וועגן זייערע מנהי־גים. און נישט וועלנדיק פארקלענערן קיי־נעמס ווערט, נוסח „כבודו במקומו מונח",— זאגן מיר: „ווען איר וואלט געהאט א זשא־באטינסקי, דעם גיגאנט פון דער יידישער געשיכטע אין לעצטן דור — טא ווי וואלט איר שוין גערעדט וועגן אים, אויב דורכשניטלע־כע מנהיגים ווערן ביי אייך פארגעטערט? !...

געוויסנהאפטע מענטשן האבן דעם מוט עפנטלעך זיך צו קלאפן „על חטא", און זיך מודה זיין אין זייער טעות.

מיר ווילן, אז אזוי ווי אלע האבן געגלויבט זיין פערזאן נאך זיין טויט (זאגאר זלמן רובאשאוו, דער שעף־רעדאק־טאר פון דעם אפיציאז פון דער „הסתד־רות", „דבר") — זאלן היינט נישט פאלסי־פיצירן די געשיכטע, און מודה זיין אויך אין זיין פאליטישן אמת — ווייל ער איז געווען גערעכט!

„קיין זאַך ווערט נישט געבוירן פון גאָרנישט און קיין זאַך ווערט נישט פאַרוואַנדלט אין גאָרנישט“ איז פאַראַן אַ געזעץ אין פיזיק. אָדער לויט דער דעפיניציע פון פילאָזאָף דעמאקריטוס: „קיין זאַך פּאַסירט נישט צופעליק, נאָר יעדע זאַך האָט איר גרונד“. יאָ, פריער פון נאָרדאַו איז געווען הערצל, און פריער פון זשאַבאָטינסקי איז געווען נאָרדאַו, אָבער זשאַבאָטינסקי האָט באַנייט דעם פאַרגעסענעם שטאַטלעכן אידעאַל, און נישט אין גאָרנישט איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן. זשאַבאָטינסקי האָט צוגעגעבן דעם יידנשטאַטס־געדאַנק דעם מאָטיוו פון קאַמף. און היינט זעען מיר — די יידישע מדינה, אָט אַנטשטייט זי פאַר אונזערע אויגן!

* * *

מיר האָבן אָנגעהויבן די אָפּהאַנדלונג מיט אַ וואָרט פון נאָרדאַו. מיר ווילן איר אויך פאַרענדיקן מיט זיינס אַ וואָרט. מיר האבן אנגעהויבן כמעט מיט דעם פראלאג פון נאָרדאַוס אַרטיקל וועגן הערצל. מיר וועלן פארענדיקן כמעט מיט דעם עפילאג פון דעם דאזיקן ארטיקל:

„מיר ווייסן, וואס עס האט פאראורזאכט זיין טויט. לאָמיר בעסער וועגן דעם נישט רעדן. איך וויל נישט אַרויסזאָגן מיין פאַרביטערונג. זאל מיין צארן זיך נישט צעמישן מיט מיין טרויער. ארום מיר הער איך ווי מען שושקעט זיך: „ווער עס באשעפטיקט זיך מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט — דאַרף האבן גראבע הויט, און זיין געפאנצערט קעגן אנגריפן און פאלשע בלבולים“. נעבעכדיקע! וואלט ער נישט געהאט דעם איידלסטן געפיל — צי וואָלט ער דען געשפירט זייער צער, דעם יידישן צער, אין אַזאַ מאס, אַז זיין רו איז פון אים אוועקגערויבט געווארן, אז ער האט פארלאזן זיין ליטעראַרישע קאַריערע וואס האט אים דערווארט און זיך אַריינגעוואָרפן אין ברען פון קאמף פאר ציון? דווקא זיין ספּעציפישע פילבארקייט האט אים דאך געבראכט צום ציוניזם, אבער זי האט פארטיפט די אלע וווּנדן, מיט וועלכע זיינע אכזריות'דיקע און ביטערע פיינט האבן אים פארוואונדעט. און זי איז דאס די יעניקע, וועלכע האט געבראכט צו דער צעברעכונג פון דעם אויס די פיל יסורים ליידנדן הא־ץ“.

יא, מען פרעגט, פארוואס איז ער אזוי פרי אַוועק פון אונז, און דווקא אין דעם מאָמענט ווען מיר נויטיקן זיך אין אים אמייסטן — פעלט ער אונז אמייסטן. אבער די, וועלכע פרעגן — זאלן זיי בעסער זיך אליין פרעגן, צי ווען האָבן זיי אים נישט פאַרביטערט דאָס לעבן, פאַרקירצט די יאָרן, און געבראַכט צום קבר — באַקעמפנדיק זיינע פּלענער, מיט וועלכע ער איז געקומען זיי ראטעווען.

די מאסע האט אים דאך שטענדיק באַקעמפט, אין בעסטן פאל איז זי געווען גלייכגילטיק: „אויב דו וועסט דיינס דערגרייכן — וועלן אלע זאגן, אז דו ביסט אַ חכם, אַז זיי האָבן עס נישט פאַרויסגעזען; אויב דו וועסט דורכפאלן — וועלן זיי זאגן: אַן אידיאט — מיר האבן עס שוין פון לאנג געוווּסט, אז ער איז אַ נאר“ („צווישן קינד און יוגנטלעכן“ אין „ספור ימי“).

זשאבאטינסקי האט זיך דערפאר טאקע קיין מאל מיט דער שטימונג פון דער מאסע נישט גערעכנט. נישט די פארשרייאונגען פון המון ביים אנפאנג פון זיין קאמף פארן לעגיאן האבן אים אפגעשראקן, און נישט די לויב־געזאנגען נאך דעם נצחון האבן אים דערמוטיקט (ווען אלע זיינען געוואָרן „פאַרויסזאָגער“ און „חכמים“) — פאַר אים איז געווען גענוג, ווי געזאגט, דער אמת פון זיין הארצן.

— —

ביים אנפאנג האט מען אים געוואלט אין חרם ארייןלייגן; און שפעטער האט מען געשריען אין די גאסן פון תל־אביב, בעת זיין באזוך אין דער שטאט אין 1927 צום ערשטן מאל נאך דעם עכו'ער ארעסט: „יחי ז'בוטינסקי!“. און ער, דער פאַרשריענער ביים אנפאנג און פארהערלעכטער ביים סוף, באַגעגנט זיך נאר מיט געציילטע ווערטער: „שלום לך, תל־אביב תכלת־לבן! כשאני רואה אותך עכשיו, תל־אביב שלי — הדמעות חונקות את גרוני ולא אוכל להמשיך“ (שלום דיר, בלוי־ווייסע תל־אביב. ווען איך זע דיר

איצט, תל־אביב מיינע, שטיקן מיר די טרערן און איך קאָן נישט פאַרזעצן).

„שירו היה קצר — שירו נגמר“ — אַזוי זעט אויס דאַנגטשיא אין זשאַבאָטינסקיס איבערזעצונג. אַזוי קאָן מען זאָגן וועגן זשאַבאָטינסקין אַליין.

ער איז מער נישטאָ. היינט איז שוין אַלץ קלאָר. היינט זיינען אַלע חכמים און פאַרויסזאָגער, נאָכער ווי די מדינה איז אַנטשטאַנען אַ דאַנק דעם לעבנס־קאַמף פון זשאַבאָטינסקי און אַ דאַנק די קרבנות פון זיינע תלמידים, וועלכע האָבן מיט זייער בלוט באַפרוכטבאַרט דעם וויסטן באָדן פון ציון.

היינט זיינען נאָך זיינע תלמידים נאַראַנים, ווען זיי רעדן וועגן היסטאָרישע גרעניצן. מאָרגן, ווען די יידישע מדינה וועט זיין אין גייסט פון די גרעניצן, וועלכע זאב זשאַבאָטינסקי האָט פאַרצייכנט מיט דעם בלוט פון זיין האַרצן — וועלן ווידער אַלע ווערן חכמים און פאַרויסזאָגער.

דאַן אָבער וועט אויך די באַוועגונג, וועלכע ער האָט באַזונגען אין זיין ליד אַלס „אלוהים, ליגון בחרתנו“, מוזן דערגרייכן דעם צווייטן עטאַפּ פון דעם זעלבן ליד — „אלוהים, לשלטון בחרתנו!“. פון „יגון“ גייט דער וועג צום „שלטון“. „לפום צערא — אגרא!“ — איז דער כלל פון בן הא־הא (אבות, סוף ה').

ווי פאַרענדיקט זשאַבאָטינסקי זיין „מגילת־הגדוד“: „דאָס יידישע פאָלק האָט באַדאַנקט זיינע זעלנער מיט גאָרנישט“. און זשאַבאָטינסקי געזעגנט זיך פון זיינע לעגיאָנערן: „און דאָרט, ווען דו וועסט לייענען אַמאָל אין צייטונג גוטע נייעס וועגן דעם פרייעם לעבן פון די יידן אין דעם פרייעם יידישן לאַנד — וועגן וואַרשטאַטן און קאָאָפּעראַטיוון, וועגן געאַקערטע פעלדער און טעאַטערס, און אפשר אויך וועגן דעפּוטאַטן און מיניסטאַרן (ביז אַזוי ווייט האָט ער שוין דאַן פאַרויסגעזען, אַז ביים לעבן פון זיינע סאָלדאַטן אין לעגיאָן וועלן מיר שוין האָבן די מדינה! — מ.ה.) — — דערוואַך דאַן און שטעל זיך אויף, גיי צו צום שפּיגל און מיט שטאָלץ גיב אַ קוק אויף דיין אייגענעם פּנים, שטעל זיך גלייך, שטיי שטאָלץ און סאַלוטיר: דאָס — איז דיין אַרבעט!“

ביי פיל פון די יונגע לעזער פון דער עפּאָפּייע „מגילת־הגדוד“ האָבן די דאָזיקע שורות אַרויסגערופן טרערן אין די אויגן. היינט טוען עס געוויס זיינע לעבן־געבליבענע זעלנער פון לעגיאָן. אַמאָל אָבער, ווען גאַנץ ארץ־ישראל וועט זיין יידיש — וועט זיך שטעלן דער בית״רי אין זיין בית״רישן מונדיר לעבן שפּיגל. און נישט מיט טרערן, נאָר מיט פרייד וועט ער זיך סאַלוטירן. ווייל ער וועט פילן, אַז אַ דאַנק זיין אַרבעט איז עס געקומען, אַז ער האָט אַ חלק אין דער דערגרייכונג.

דער גליקלעכער מאָמענט וועט קומען מאָרגן. דאַן וועלן מיר אַלע זינגען דעם געזאַנג פון לעבן (און נישט פון טויט); דעם געזאַנג פון פרידן (און נישט פון קריג); דעם געזאַנג פון ליבע (און נישט פון האַס).

אָבער דערווייל לאָמיר צוהערן צום רוף פון גרויסן קבר אין ניו־יאָרק: גייט אַרויף און דעראָבערט דעם באַרג! גייט אַרויף און שרעקט זיך נישט אָפּ! גייט אַרויף און האַלט זיך נישט אָפּ! גייט אַרויף — ווייל גאָט איז מיט אייך!

דער רוף פון דעם גרויסן מאַן, וואָס איז אַוועק אין דער אייביקייט אין טאָג פון כ'ט תמוז ת״ש; דער רוף פון דעם גיגאַנט, וואָס איז געקומען פון דערווייטנס, אַריין אין לעגיאָן, באַשיצט ירושלים, אַוועק קיין עכו, געשאַפן דעם בית״ר, איבערגעלאָזן אַ באַוועגונג, געשריבן אַ צוואה און...געשטאָרבן — דער רוף פון זאב זשאַבאָטינסקי.

# ק ע מ פ ע ר

„דאָס איז אַן אָנפאַנג פון אַ נייער
לעגענדע. הערצל, תרומפּלדור — צוויי
לעגענדעס, וואָס קיינער צווייפלט נישט
אין זיי. שרה אהרונסון, אַ קאָמפּליציר=
טע און טראַגישע פּערזענלעכקייט פון
זכרון=יעקב, ווערט נאָך פאַרלויפיק דע=
באַטירט. — — צווישן די מענטשן,
וואָס האָבן אָנגעהערט צו דער שפּיאָ=
נאַזש=טעטיקייט זיינען אויך געווען מענ=
טשן מיט אַ ברייטער נשמה, וועלכע
זיינען אויך געווען גרייט אָפּצוגעבן
זייער לעבן פאַר דעם צווייטן. קומען
וועט נאָך אַמאָל דער דיכטער, וואָס
וועט שילדערן די דאָזיקע מענטשן, —
אין דער טאָג פון שרה וועט קומען"
(זאב זשאַבאָטינסקי)

„וארשתיך לי לעולם וארשתיך לי בצדק ובמשפט ובחסד וברחמים, וארשתיך לי באמונה“
(הושע ב׳, כא׳-כב׳)

# שרה אהרונסון

יעדע זאַך האָט איר מזל. עס זייַנען דאָ געשיכטענישן אין דער געשיכטע, וואָס קיינער לייגט אויף זיי קיין אַכט ניט. עס זייַנען דאָ געשעענישן, וואָס ווערן פאַרהערלעכט. „הכל תלוי במזל, אפילו ספר תורה שבהיכל“. יעדע זאַך האָט זיך איר מזל, און אַפילו אַ ספר תורה אין היכל.

צוויי אַקטיווע גרופן האָבן מיר געהאַט בעת דער ערשטער וועלט-מלחמה — דעם לעגיאָן און ניל״י. ביידע האָבן זיי שווער און ביטער געקעמפט אינערהאַלב זייער יידישן פאָלק, ביז זיי זייַנען געוואָרן אַ פאַקט. אָבער דער לעגיאָן האָט געהאַט מזל, און ניל״י האָט קיין מזל ניט געהאַט. דער לעגיאָן — קיינער וואַגט אים ניט צו קריטיקירן ביים הייַנטיקן טאָג. ניל״י — זי ווערט דעבאַטירט ביז צום הייַנטיקן טאָג.

און אינטערעסאַנט: ביידע זייַנען זיי דאָך כמעט אין איין און דער זעלבער צייַט געשאַפן געוואָרן, און ביידע האָבן דאָך איין און דעם זעלבן ציל פאַר זיך געהאַט.

כדי צו פאַרשטיין די לאַגע דאַרפן מיר זיך אַרייַנגריבלען אין דער תקופה — די תקופה פון לעגיאָן און פון ניל״י.

אַ וועלט-מלחמה איז געווען. עס האָבן געקעמפט צוויי לאַגערן איינער קעגן דעם צווייטן. אין איין לאַגער זייַנען געווען עסטרייַך און אונגאַרן (ווו עס האָט געהערשט מער-ווייניקער טאָלעראַנץ לגבי די יידן), אָבער אויך איז אין יענעם לאַגער געווען טערקיי (וועלכע האָט גערודפט דעם קליינעם יידישן ישוב אין אר״י). אין צווייטן לאַגער זייַנען געווען די מערב-מלוכות (ווו עס איז געווען טאָלעראַנץ און באַצוג צום יידנטום), אָבער אויך די צאַרישע רוסלאַנד (ווו די יידן האָבן שטאַרק געליטן) איז דאָרט געווען.

אין אַזאַ מין לאַגע האָבן יידן זיך געפונען צווישן האַמער און קאָוואַדלע — פריינד אין ביידע צדדים, און פייַנט אין ביידע צדדים. אין באַצוג צום יידנטום האָט קיין צד ניט געהאַט קיין קלאָר דעפינירטע אַנטי-יידישע שטעלונג (אַזוי ווי דאָס איז געווען בעת דער צווייטער וועלט-מלחמה, ווען די יידן האָבן ניט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי צו שטיין אויף דער זייַט פון די אַליאירטע, קעגן דעם נאַציזם). דאָס יידישע פאָלק האָט געהאַט אַ משכון סיי אין דיזם לאַגער, און סיי אין יענעם — יידישע קהילות מיט יידישע נפשות. זיך דערקלערן אָפן אויפן צד פון איינעם פון די קעמפנדע צדדים — וואָלט באַדייט פאָגראָמען אויף יידן, אין וועלכע מען וואָלט געזען אַ פינפטע קאָלאָנע, אין די לענדער פון צווייטן צד. דער ישוב אין אר״י, וועלכער איז געווען אָפהענגיק פון דעם טערקישן אָקופאַנט, האָט זיך נאָך מער געשראָקן. דערפאַר זייַנען דאָרט געווען גאַנצע גרופן (ווי „הפועל הצעיר“) און אַ ריי פערזאָנען (ווי דוד רמז), וואָס האָבן באַקעמפט יעדן געדאַנק פון קאָאָפעראַציע מיט די מערב-מלוכות.

מען האָט געדאַרפט זייַן אַ פאָליטיקער פון גאָטס גענאָד, כדי פאָרויסצוזען די צוקונפט, כדי פאָרויסצוזען ווער עס וועט זייַן דער זיגער אין דיזער מלחמה, כדי אָן קיין

שום צווייפל זיך קלאָר צו דעפינירן אויף דעם אין צוקונפט זיגערישן צד (כדי מאָרגן צו געניסן פון די פרוכטן פון נצחון, אלס שותף אין נצחון).

דער העברעאישער שריפטשטעלער, בוקי בן יגלי, האָט טאַקע מיט יאָרן פריער געשריבן אַ דערציילונג בדרך משל א.ג. „בין אדני השדה", ווו ער זעט פאָרויס די צעפאַלונג פון דער אָטאָמאַנישער אימפעריע. דער שעפער פון פּאָליטישן ציוניזם, הערצל, האָט נאָך אין 1898 זיך אַרויסגעזאָגט וועגן דער דאָזיקער צינפאַלונג. דער שעפער פון לעגיאָן, זאב זשאַבאָטינסקי, האָט מיט זיין געזונטן פּאָליטישן חוש פאָראויסגעזען אין זיין בוך אין ענגליש פון 1917 „טערקיי און די מלחמה", אַז טערקיי וועט מוזן פאַרשפּילן, אַז ענגלאַנד וועט מוזן זיגן. און דערפאַר האָט ער געפּאָדערט צו קאָאָפּערירן מיט ענגלאַנד — נישט ווייל ז' איז אים ליבער פון טערקיי, נאָר ווייל איר געהערט דער נצחון אין קריג. אין אַנדערע ווערטער: נישט אויס ליבע צו ענגלאַנד, נאָר אויס ליבע צום אייגענעם יידישן פאָלק — האָט דער רעאַל=פּאָליטיקער זאב זשאַבאָטינסקי זיך נישט גערעכנט מיט סענטימענטן, אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאַג פון דייטש; קיכר ווילהעלם וועגן אויפשטעלן אַ יידישע זעלבסטשטענדיקע קהילה אין אר"י, און געשלאָסן דעם פאַקט מיט דעם אַרויסגעבער פון דער באַלפור=דעקלאַראַציע, טראָץ דעם, וואָס מעגלעך, אַז ווילהעלמס הבטחות זיינען געווען גינסטיקער, אָבער זיינע אויסזיכטן צו געווינען די מלחמה זיינען געווען קלענערע. און דער מאָרגן געהערט נישט דעם צוזאָגער, נאָר דעם זיגער, דעם געווינער און נישט דעם פאַרשפּילער.

מיט דיצם קומען פון קערענסקי צו דער מאַכט אין רוסלאַנד, ווען די לעצטע האָט פאַרלאָזט די מלחמה — איז שוין געווען איין צד (דער בלאָק פון מערב), ווו קיין ספּעציעלע אַנטי=יידישע טענדענצן זיינען שוין נישט געווען, אַנטקעגן אַ צווייטן צד (ווו עס איז נאָך געווען טערקיי). דאַן איז שוין געוואָרן לייכטער פאַר די יידן אָנצונעמען זשאַבאָטינסקיס לעגיאָניסטישע שטעלונג. מיט דעם נצחון פון די אַליאירטע איז זשאַבאָטינסקיס שריט געוואָרן נאָך מער באַרעכטיקט, און דער האכו צום לעגיאָן איז שוין לחלוטין פאַרשוואונדן.

אָבער די קעגנערשאַפט צו ניל"י איז נאָך געבליבן. זי עקזיסטירט נאָך ביז היינט.

ביז היינט פאַרשטייט מען נאָך נישט ביי אונז, אַז אַ מלחמה קאָן מען געווינען נישט נאָר מיט אַן אַרמיי, נאָר אויך דורך אַ שפּיאָנאַזש=טעטיקייט, כדי אַריינצודרינגען אין דעם מחנה פון פיינט, זיך דערוויסן זיין לאַגע, זיינע געהיימניסן, זיינע שטימונגען, זיינע פּלענער א.אַז.וו.

דאָס און נאָך עפּעס: די לאַגע פון דעם שפּיאָן איז נאָך פיל ערנסטער ווי די לאַגע פון זעלנער. דער זעלנער קעמפט אָפן אויפן פראָנט. מיט זיין מונדיר, מיט זיין אויפטריט זאָגט ער אָפן, אַז ער געהערט צו דעם און דעם צד. אָבער די ראָלע פון שפּיאָן איז דאָך אַ פיל שווערערע — ער דאַרף זיך דאָך שטעלן אַלס פריינד צו זיינע פיינט, ער דאַרף זיך דאָך פאַרשטעלן, ער קאָן דאָך נישט און ער טאָר דאָך אָפן נישט אַרויסטרעטן. ער דאַרף דאָך זיין פאָרזיכטיק מיט יעדער טאַט און באַקלערן דאַרף ער זיך זיבן מאָל פריער ווי ער טרעט צו עפּעס וואָס צו טאָן. דער שפּיאָן געפינט זיך דאָך אין דער אונטערגרונט. די יידישע שפּיאָנאַזש=טעטיקייט בעת דער ערשטער וועלט=מלחמה איז דאָך פאַקטיש געווען אונזער פאַרטיזאַנער=באַוועגונג בעת יענעם קריג.

טאָ פאַרוואָס פאַרהערלעכן מיר טאַקע דעם לעגיאָן, און באַקעמפן גלייכצייטיק ניל"י? פאַרוואָס פאַרהערלעכן מיר דעם פראָנט=קעמפער, און באַקעמפן גלייכצייטיק אונזערע פאַרטיזאַנער, דווקא היינט, ווען די פאַרטיזאַנער=באַוועגונגען האָבן זוכה געווען „לשם ולתהילה בכל עמי=הארץ", צו ערע און פראַכט אין אַלע לענדער און ביי אַלע פעלקער פון דער גאָרער וועלט, און אויך אין אונזער פאָלק ישראל?!

און נאָך מער: מען זאָגט ביי אונז, און פיל זיינען מסכים מיט דעם — אַז וואָלטן מיר נישט געהאַט קיין פאַרטיזאַנער=באַוועגונג

בעת דער לעצטער וועלט=מלחמה — וואָלטן מיר איר געדאַרפט אויסטראַכטן, כדי צו פאַרהערלעכן דעם קאַפּיטל פון יידישן ווידערשטאַנד אין די אויגן פון דער וועלט, און אין די אויגן פון אונזער אייגן פאָלק און פון זיינע קומענדע דורות! טאָ פאַרוואָס זאָלן מיר נישט זאָגן דאָס זעלבע לגבי ניל״י?! יאָ, וואָלטן מיר נישט געהאַט קיין ניל״י בעת דער ערשטער וועלט=מלחמה — וואָלטן מיר איר געדאַרפט באַשאַפן פאַר דער געשיכטע. מיר וואָלטן דאָך געדאַרפט קומען „בפני עולם ומלואו״, און זאָגן: זעט, מיר האָבן אייך געגעבן בעת דעם ערשטן וועלט=קריג אַ לעגיאָן און אַ ניל״י; מיר האָבן אייך געגעבן בעת דעם צווייטן וועלט=קריג אַ יידישע בריגאַדע, פאַרטיזאַנער אין אַלע לענדער און אַ האַלבן מיליאָן יידישע סאָלדאַטן; דורך אונזער ניל״י האָבן מיר פאַרשפּאָרט טויזנטער קרבנות פון אייערע זעלנער — טאָ דערפאַר, מיט דעם זכות פון בלוט, האָבן מיר דאָך אַ בונד מיט אייך געשלאָסן, אַן גלייכבאַרעכטיקט מיט אייך געוואָרן — רעספּעקטירט דעם בונד, באַצאָלט!

דאָס וואָלטן מיר געדאַרפט טאָן, ווען מיר וואָלטן אַפילו נישט געהאַט קיין ניל״י; היינט ווען מיר האָבן איר — טאָ פאַרוואָס זאָלן מיר איר נישט פאַרהערלעכן, בפרט נאָך ווען זי איז אַ גלענצנדער קאַרט אין אונזער קאַמף פאַר גלייכבאַרעכטיקונג, פאַר איינגלידערונג אין דער פעלקער=משפחה?!

* * *

כדי צו פאַרשטיין די קעגנערשאַפט צו ניל״י — לאָמיר אויף אַ מינוט זיך פאַרטראַכטן אין איר מהות.

אין דער קאָלאָניע זכרון=יעקב איז זי געשאַפן געוואָרן דורך אהרן אהרונסון (אַ באַוווסטער אַגראָנאָם און באָטאַניקער, וועלכער איז אומגעקומען אין דעם לאַמאַנש=קאַנאַל), אבשלום פיינבערג (אַ יונגער געניאַלער דיכטער און טרוימער), יוסף לישאַנסקי, נעמן באַלקינד א.אַנד. אָבער דער הויפּט=גיבורה פון דער געהיימער אָרגאַניזאַציע איז געווען אהרן אהרונסונס שוועסטער — שרה. אָנגעפאַנגען איר טעטיקייט האָט ניל״י מיט 20 מאַן, און פאַרצווייגט איז געווען די אָרגאַניזאַציע איבערן גאַנצן לאַנד.

מיט אַ טערקישן ייד איז שרה געווען פאַרהייראַט. און זי האָט אים פאַרלאָזט ווען דאָס פאָטערלאַנד האָט זיך אין איר גענויטיקט. זי איז געווען די אָרגאַניזאַטאָרין פון ניל״י, איר לעבן איז געווען דאָס לעבן פון ניל״י, און מיט איר טויט איז אויך ניל״י געשטאָרבן.

גויים האָבן געוווּסט ווי אָפּצושאַצן דעם ווערט פון ניל״י. אָט וואָס עס דערציילט „חייל פשוט״ (אַ פּסעוודאָנים פון שרה׳ס ברודער, דער געוועזענער קאַפּיטאַן אין דער בריטישער אַרמיי בעת דעם ערשטן וועלט=קריג, אלכסנדר אהרונסון) אין זיין בוך „שרה — שלהבת=ניל״י״: „אַ הויכער אָפיציר, וועלכער איז געווען די רעכטע האַנט פון גענעראַל מאַקדאָנאַ, דער לייטער פון דעם מיליטערישן אויפקלערונגס=דעפּאַרטאַמענט אין די יאָרן 1916=1919, האָט דערקלערט, אַז די אַרבעט פון ניל״י האָט פאַרשפּאָרט די בריטישע אַרמיי פאַרלוסטן פון אומגעפער 30 טויזנט סאָלדאַטן״.

אָבער נישט פאַר ענגלאַנד האָט שרה איר טעטיקייט אַנטוויקלט. זי האָט געהאָפט, אַז מיט דער פאַרטרייבונג פון די טערקן פון אר״י, וועט אויך די פרייהייט פאַר איר פאָלק ישראל קומען. אָט וואָס שרה זאָגט צו אַן ענגלישן פּאָליטיקער, ווען יענער דאַנקט איר פאַר איר אַרבעט: „נישט פאַר אייך, נאָר פאַר מיין פאָלק און פאַר מיין לאַנד און פאַר זיין באַפרייאונג האָב איך געטאָן דאָס וואָס כ׳האָב געטאָן!״.

ענדלעך דערוויסן זיך די טערקן וועגן שרה׳ס טעטיקייט. גאַנצע טעג אָן אויפהער פייניקן זיי איר. אָבער זי זאָגט נישט אַרויס קיין וואָרט. פאַר איר אויגן פייניקן זיי אויך איר אַלטן פאָטער, ר׳ אפרים=פישל הכהן אהרונסון. אָבער זי פאָדערט אויך פון איר פאָטער נישט צו אַנטדעקן קיין זאַך. און אויך ער, דער אַלטער, ענטפערט, אַז פון אים דאַרף דאָס שרה גאָרנישט פאָדערן, ווייל דער פאַרלאַנג פון זיין אייגענעם געוויסן איז צו שווייגן.

דריי טעג ווערט זי געפייניקט, און מיט ווירדע האַלט זי אויס אירע שמערצן. אויך דאַן, ווען זי ווערט געפייניקט, פאַרשטייט זי, אַז יעס זייגען פאַראַן מוסרים, וואָס אירע ליידן טוען זיי הנאה. און זי שרייבט אַ האַלבע שעה פאַרן טויט: „עס מאַכט ניט — זאָלן זיי הנאה האָבן. איך רעכן זיך ניט מיט מנובלים. איך האָב געשטרעבט פאַר מיין פאָלק, פאַר דער אויסבעסערונג פון מיין פאָלק. און אויב מיין פאָלק איז אומפאַרשעמט — זאָל עס זיין!“. און אַזוי געזעגנט זי זיך אין איר לעצטן בריוו פון אירע חברים: „גיט איבער מיינע ברידער זיי זאָלן נקמה נעמען פאַר מיין בלוט. נישטאָ קיין רחמנות אין געריכט פאַר די דאָזיקע מנובלים (די טערקן — מ. ה.). זיי האָבן אויך ניט געוווסט רחמנות צו האָבן אויף מיר. איך האָב ניט קיין כח אַריבערצוטראָגן און צו ליידן די אַלע יסורים און עגויים, וואָס זיי מאַכן מיר אָן. איך קלייב אויס דעם טויט. אָנשטאָט אָפּצוגעבן מיין נשמה אין זייערע טמא'דיקע הענט. — — צום גליק האָב איך אַ קליינעם רעוואָלווער. איך וויל ניט זיי זאָלן זיך שפילן מיט מיין קערפּער. איבערהויפּט איז גרויס מיין צער, ווען איך זע ווי אַזוי זיי שלאָגן מיין פאָטער. אָבער אומזיסט פּרוּוון זיי אונז מיט זייער אכזריות. מיר וועלן קיין האָר ניט אַנטדעקן. געדענקט, אַז מיר זייגען געשטאָרבן ווי געוויסנהאַפטע מענטשן, און קיין זאַך האָבן מיר ניט אַרויסגעגעבן. עס מאַכט ניט, מיר האָבן זיך געאָפּפערט, אָבער מיר האָבן געראַטעוועט אונזערע ברידער, און אויך פרייהייט פאַר אונזער לאַנד האָבן מיר דערקלערט!“.

און אַזוי געזעגנט זי זיך פון אירע פייניקער: „איר, רוצחים, איר בלוט-דורשטיקע חיות, איר פּחדנים און מנובלים. און איך אַליין, אַ שוואַכע פרוי, האָב זיך אויפגעשטעלט צו באַשיצן מיין פאָלק, כדי איר זאָלט ניט האַנדלען מיט אים אַזוי ווי מיט די אַרמענער. — — איך אַליין, מיט מיינע אייגענע הענט, האָב איך פאַר אייך אַ קבר געגראָבן. — — צו שפּעט האָט איר מיך געכאַפּט! קיין רעטונג פאַר אייך איז שוין נישטאָ. אומזיסט האָט איר מיך געפייניקט, אומנישט פייניקט איר אומשולדיקע. איר זייט פאַרלוירן. אָט קומען די באַפרייער. איך האָב גערעטעוועט מיין פאָלק, איך האָב גענומען נקמה פאַר די אַרמענער, און מיין קללה וועט אייך נאָכיאָגן ביז צום לעצטן דור! דו (צום פייניקער — מ. ה.) — נאָר מיין קערפּער קענסטו צעטרעטן, אָבער איבער מיין נשמה וועסטו קיינמאָל ניט הערשן!“

אַזוי האָט זי זיך דערשאָסן אין דעם טאָג פון כג' תשרי תרע"ח, זייענדיק אַלט 28 יאָר.

אָבער אויך שטאַרבן דאַרף מען וויסן ווען. אויך דאָ דאַרף מען האָבן מזל.

אחד-העם, האָט געשריבן וועגן משה רבנו, אַז ער איז געשטאָרבן אין אַ גוטער צייט. ער איז געשטאָרבן אויפן שוועל פון דער פאַרווירקלעכונג פון זיין אידיי. ער איז אין אר"י ניט אַריין, אָבער דורך דעם, וואָס ער איז געשטאָרבן אויפן שוועל פון דעם אַריינמאַרש קיין אר"י — איז ער נאָך מער פאַרהייליקט געוואָרן אויף זיין פאָלק.

און אויך שרה איז געשטאָרבן אין אַ גוטער צייט. זי איז געשטאָרבן אויפן שוועל פון דער באַפרייאונג, נאָענט פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון איר אידיי. זי האָט ניט זוכה געווען צו זען מיט אירע אייגענע אויגן די מפּלה פון טערקיי, אָבער דאָס פאָלק האָט דאָך דאָס יאָ זוכה געווען. דערפאַר האָט זי דאָך געדאַרפט זיין פאַרהערלעכט נאָך מער אין אַלע קרייזן און שיכטן פון ישראל.

און נאָך עפּעס: זי איז דאָך געווען אַ פרוי. ווי אַזוי פאַרהערלעכט מען ביי די אומות-העולם קעמפערישע פרויען? נעמט אַ זשאַן ד'ארק ביי די פראַנצויזן — ניט נאָר זי, נאָר אויך איר שטאָט ווערט פאַרהערלעכט, „די יונגפרוי פון אָרלעאַן“ — ווערט זי גערופן. נעמט אַפילו ביי די ליטווינער — ווי אַזוי ווערט דאָרט פאַרהערלעכט אַ פּשוטע מיידל ווי די „מערגעלע קאַרזשיגע“ (דאָס העלדישע מיידל), וועלכע האָט געראַטעוועט דאָס לעבן פון וויטאָווט דעם גרויסן, ווען ער איז געזעסן אין דער טורמע פון יאַגיילאַ, באַצאָלנדיק פאַר דעם מיט איר אייגענעם לעבן, אָבער באַפרייענדיק מיט דעם איר

לאַנד, איר ליטע. און ביי אונז — ווי באַציען מיר זיך צו דער לעגענדאַרער געשטאַלט פון זכרון, צו דער יידישער „זשאַן דאַרק“, צו דער יידישער „מערגעליט קאַרזשיגע“, צו אונזער שרה אהרונסון?!

און אינטערעסאַנט: אפילו אירע פייניקער האָבן דאָך געהאַט פאַר איר רעספּעקט. מען דערציילט, אַז בעת רבי חנינא בן תרדיון איז פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיט דער ספר תורה, ווען נאַסע וואָל איז געלעגן אויף זיין האַרץ, כדי זיין נשמה זאָל אַזוי שנעל נישט אַרויסגיין — האָט דער רוימישער פייניקער אים געוואָלט בייהילפיק זיין, און זיינע ליידן פאַרקלענערן, ווייל ער האָט באַוווּנדערט די מאָראַלישע קראַפט פון געפייניקטן רבי חנינא בן תרדיון.

מען דערציילט, אַז דער פייניקער פון שרה האָט באַוווּנדערט איר כח און אויסגערופן: „יאָ, דאָס איז אַ פרוי!“. אַזוי האָט באַוווּנדערט דער טערק, איינער פון אירע מלאכי־חבלה, איר זעלבסט־ערע, אַז יערע וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם ווונטש, אַז אויב לעבן איז מיט כבוד; און אויב דאָס איז אוממעגלעך — דאַן שטאַרבן, אָבער אויך מיט כבוד. זי האָט זיך באַפרייט פון דער תפיסה־צעלע, זי האָט זיך באַפרייט פון אירע פייניקער, זי האָט זיך באַפרייט אויך פון איר פייגלעכן לעבן. זי איז אַוועק פון דער וועלט. אַ מענטש קאָן מען אומברענגען, אָבער די פרייהייטס־אידיי לעבט אויך ווייטער. זי ווערט נאָך פאַרשטאַרקט דווקא נאָך יעדן געגעבענעם קרבן.

און זיצענדיק דאָס אַלץ — זעענדיק די כוונות פון ניל״י, און זעענדיק אירע טאַטן און אירע ווערטער — פרעגן מיר מיט נאָך מער פאַרוווּנדערונג: פאַרוואָס האָט ניל״י נישט זוכה געווען צו דער אַכטונג, וואָס עס קומט איר אין איר אייגענעם פאָלק? פאַרוואָס פאַרשטייען גוים, ענגלענדער און טערקן איר ווערט מערער ווי יידן, פאַר וועמען זי האָט זיך געאָפּפערט?

* * *

לאָמיר צוהערן די טענות פון די אַנטי־ניל״י־לייט, און מיר וועלן אפשר פאַרשטיין!

„זי האָט געאַרבעט פאַר די ענגלענדער, פאַר געלט האָט זי געאַרבעט!“. ניין, מיר קענען מיט דעם נישט מסכים זיין. ווייל די ווערטער פון שרה צו די ענגלענדער, אירע ווערטער צום פאָלק, אירע ווערטער צו אירע חברים, איר׳ע ווערטער צו די פייניקער — אַלץ זאָגט עדות, אַז דאָ איז געווען איבערגעבנקייט צום פאָלק, און נישט צו אַ גוי. און וואָלט עס געווען אַזוי — טאָ פאַרוואָס האָט זיך ענגלאַנד אַזוי געשראָקן, טאָמער וואָלט אהרון אהרונסון געבליבן ביים לעבן און וואָלט דערציילט איינציקע סודות, טאָ פאַרוואָס האָט מען געדאַרפט אים פירן פון אר״י דורך דעם לאַ־מאַנש־קאַנאַל קיין ענגלאַנד און דער עראָפּלאַן זאָל „צופעליק“ אומקומען דעם 15.5.1919 אויפן וועג אויף אַזאַ „פאַרשטענדלעכן“ אופן, וואָס האָט אַרויסגערופן אַזאַ גרויסן אָפּקלאַנג אין דער גאַנצער וועלט, ווי עס שילדערט י. יערי־פּאָלעסקין אין סוף פינפטן באַנד פון זיין ווערק איבער ניל״י!

„זי האָט זיך באַשעפטיקט מיט שפּיאָנאַזש. דאָס איז נישט מאָראַליש. סאָלדאַטן אויפן פראָנט, אַ ליגיאָן, דאָס איז נאָך ווי עס איז פאַרשטענדלעך, אָבער יידן און שפּיאָנאַזש?!“. ווילט זיך אָבער דערמאָנען די אַלע „מאָראַל־פּרעדיקער“, אַז געוויס זיינען זיי נישט מער מאָראַליש פון משה רבנו און יהושע בן נון. און משה רבנו האָט געשיקט 12 שפּיאָנען קיין אר״י, און יהושע בן־נון האָט געשיקט צוויי קיין יריחו.

„שפּיאָנען פאַרנעמען נישט דעם אויבן אָן אין קיין שום פאָלק“. ניין, אויך דאָס איז נישט ריכטיק. יהושע בן־נון און כלב בן־יפונה זיינען געווען שפּיאָנען, אַז דער ענגלענדער באַדען־פּאַול (דער שעפער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סקאַוטן־אָרגאַניזאַציע) איז געווען אַ שפּיאָן.

„ניל״י איז געווען אַ געשלאָסענע אָרגאַניזאַציע. זי האָט נישט געוואָלט אַריינעמען אין זיך די נייע עולים, די אַרבעטער הויפּטזעכלעך, זי האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דער יוגנט פון די פויערים“. אמת, דער שרייבער פון די שורות איז גרייט מסכים

צו זיין, אַז דאָ איז ניל״י באַגאַנגען אַ פעלער, אַ פעלער וואָס האָט פאַראורזאַכט די שאַפונגען פון די „גדעונים“ און „בר־גיורא“. אָבער צוליב אַזאַ טאַקטישן פעלער פאַרלירט נאָך נישט ניל״י איר גרויסן היסטאָרישן ווערט, בפרט נאָך ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז אַן אונטערגרונט־גרופּע מוז זיין אַ געשלאָסענע, און היות ווי די אהרונסונס האָבן נישט געקענט די נייע עולים, זיינען זיי געווען קאָנצענטרירט אַרום דעם זיי באַקאַנטן קרייז פון די פריערדיקע עולים, נעמלעך אַרום די זין פון די ערשטע קאָלאָניסטן.

„ניל״י האָט געהאַט ישוביסטישע טענדענצן — זי האָט געזאָרגט נאָר פאַרן ישוב, און נישט פאַרן גאַנצן פאָלק“. און ווי אַזוי — וועלן מיר פרעגן — האָט מאָטיווירט מרדכי בן הלל הכהן, למשל, זיין קעגנערשאַפט צו ניל״י, אויב נישט מיט דעם אַרגומענט, אַז איר טעטיקייט וועט שעדיקן דעם ישוב? צי איז דען דאָ נישט פאַראַן קיין ישוביסטישע טענדענץ, קיין זאָרג נאָר פאַרן ישוב? און צי דען קאָן מען דען אָפּזונדערן אר״י פון גלות? צי וואָלט דען ניל״י זיך נישט געקאָנט רואיק אויסלעבן אונטער דעם דאַמאָלסטדיקן רעזשים אין אר״י? און אויב זי האָט געקעמפט — צי האָט זי דען נישט געקעמפט פאַר דעם גלות, אום ער זאָל קענען אַריין אין אר״י, און אין וואָס אַ גרעסערן טעמפּאָ?!

„מיר געדענקען נאָך שרה פון זכרון און שפיה, מיט וואָס איז זי בעסער פון אונז?“ יאָ, אָבער נישט מיט אַזוינע אַרגומענטן ווערט געבויט געשיכטע. מיט אַזוינע אַרגומענטן ווערט געפעלשט געשיכטע. דער אָביעקטיווער היסטאָריקער רעכנט זיך מיט פאַקטן, און נישט מיט געפילן פון יחידים.

„אין נביא בעירו“, אָבער דאָך זיינען געווען נביאים. וואָלט דער קאַריישיט מחמד, נישט אַנטלאָפן פון זיין שטאָט מעקאַ, וועלכע האָט זיך אים ביים אָנפאַנג אַנטקעגנגעשטעלט; וואָלט ער נישט אָנגעקומען אין דער פרעמדער יאַטריב (אָדער „מעדינע אל־נאבי“) — וואָלט דער איסלאַם נישט געוואָרן קיין ברייט פאַרצווייגטע אמונה.

„ניל״י שטאַמט פון דער רומענישער עליה, וועלכע איז די פּסולת פון די עליות“. מיר זיינען נישט קיין ספּעצן אין סעלעקציעס פון דער קוואַליטעט פון די עולים. דיזער שרייבער פון די שורות, למשל, שטאַמט נישט פון רומעניע און האָט איר זאָגאַר קיין מאָל נישט געזען. אָבער אויב מען וואָלט געדאַרפט באַווייזן, אַז די רומענישע עליה איז נישט די פּסולת פון די עליות — איז, לויט אונזער באַשיידענער מיינונג, גענוג די גבורה פון ניל״י עס צו באַשטעטיקן!...

* * *

דערפאַר דאַרפן מיר באַטראַכטן די ניל״י־גרופּע ווי וועגווייזער — ווי וועגווייזער פון דעם וועג, אַז אַלץ וואָס עס ווערט געטאָן פאַרן פאָלק איז כשר, און אַז יעדער מיטל, וואָס ווערט אָנגעווענדעט פאַר דער פאָלקס־באַפרייאונג, איז הייליק. דערפאַר האָבן מיר טאַקע נישט פאַרגעסן אָן שרה, די שעפערין פון דער ערשטער פאַרטיזאַנישער אויפשפיר־באַוועגונג אין פאַרליצטן וועלט־קריג. דערפאַר איז איר אָנדענק טייער. דערפאַר איז געווען אַ שיף „שרה א׳“, כדי צו פאַראייביקן און פאַרהייליקן איר נאָמען.

ווייל זי איז דאָך געווען די העראָאין פון יענער תקופה. אמת, נישט די ערשטע און נישט די לעצטע אין דעם יידישן פרויען־מאַרטירערטום. אָבער זי האָט געשאַפן דעם

בונד צווישן די ערשטע און די לעצטע — צווישן דער יידישער העראָאין אין די אַלטע מלכות-טעג אין יהודה ביז צו די יידישע העראָאינס אין דער לעצטער מלחמה, און אין דער היינטיקער יידיש-אַראַבישער מלחמה. זי האָט באַנייט דעם גייסט פון די ערשטע, און איז איבערגעגעבן בירושה צו די לעצטע. און אַלס אַזאַ וועט זי בלייבן אין אָנדענק פון פאָלק.

און אויב איצט באַזוכן אין טאָג פון איר יאָרצייט דעם קבר אין זכרון-יעקב נאָר הונדערטער פאַרערער, ביי וועמען די מענטשן פון ניל״י זיינען נישט סתם „מרגלים“, נאָר בעיקר „גבורי-מולדת“ — וועלן שפּעטער באַזוכן איר קבר יאָר איין-יאָר אויס טויזנטער און טויזנטער יידישע טעכטער, אַזוי ווי זיי פלעגן אַמאָל באַזוכן דעם קבר פון בת-יפתח, דעם קבר פון דער יידישער טאָכטער, וואָס האָט זיך אַליין געאָפּפערט אַ קרבן עולה פאַר איר פאָלק און לאַנד. — —

ווייל אין דעם קליינעם קבר רוט אַ גרויסע העראָאין. און פון דעם קליינעם ערד-בערגל קאָן מען שעפּן אַ גרויסע הימלישע דערמונטערונג. — —

ווייל דער קבר איז דער סימבאָל פון ניל״י — „נצח ישראל לא ישקר!“, „נר ישראל לא ידעך!“ (ישראל׳ס אייביקער וועט נישט נאַרן, ישראל׳ס ליכט וועט נישט אויסגעלאָשט ווערן). — —

ווייל מיט איר פערזענלעכן טויט האָט די העראָאין פון זכרון אָנגעזאָגט דאָס לעבן — דאָס לעבן פאַרן פאָלק אויף אייביק און אייביקייט און אייביקייטן!

„כתו אתיכם לחרבות ומזמרותיכם
לרמחים — החלש יאמר: גבור אני!“
(יואל ד׳ י׳)

# יוסף תרומפלדור

עס זיינען פאראן העלדן, וועמענס נעמען עס זיינען נישט פארבונדן מיט זייער ארטשאפט. דאס קענען זיין שטורמישע העלדן פון רואיקע ארטשאפטן. דאס קענען זיין רואיקע העלדן פון שטורמישע ארטשאפטן. עס זיינען פאראן העלדן, וועלכע האבן געמאכט געשיכטע, און זייער ארטשאפט איז פארגעסן געווארן. עס זיינען פאראן ארטשאפטן, וועלכע האבן געמאכט געשיכטע, און זייער העלד איז פארגעסן געווארן.

עס זיינען פאראן העלדן, וועמענס נאמען עס איז ענג פארבונדן מיט זייער ארטשאפט. דער העלד און זיין ארטשאפט — ביידע האבן זיי די זעלבע מענטאליטעט און דעם זעלבן גורל אין ־ער געשיכטע.

דער מאן, וועמענס לעבן האט זיך געענדיקט יא׳ אדר תר״פ, געהערט צום צווייטן סארט העלדן. צווישן תרומפלדור און תל־חי קען מען נישט מאכן קיין מחיצה. ווען מען רעדט וועגן תרומפלדור — מוז מען במילא דערמאנען תל־חי; ווען מען רעדט וועגן תל־חי — מוז מען במילא דערמאנען תרומפלדור.

תרומפלדור בלייבט אין זכרון אלס קעמפער, און תל־חי בלייבט אלס קאמפס־פלאץ; תרומפלדור איז א טראגעדיע, און תל־חי איז א טראגעדיע; תרומפלדור איז העראאיזם, און תל־חי איז העראאיזם; תרומפלדור איז פאלסיפיצירט געווארן, און תל־חי איז פאלסיפיצירט געווארן.

* * *

תרומפלדור, דער זון פון א צארישן סאלדאט, דער זון פון אן אסימילאטארישער מוטער, דער דענטיסט, דער סטודענט פון יוריספרודענץ, דער סאלדאט אין צייט פון דעם רוסיש־יאפאנישן קריג, וועלכער פארלירט זיין לינקע האנט אין פארט־ארטור, וועלכער זעצט פאר צו קעמפן אן א האנט, וועלכער באקומט א מעדאל פון דער צארישער רעגירונג פאר זיין העלדישקייט, דער צארישער אפיציר, דער קאפיטאן פון „גדוד מובילי הפרידות“, דער מיטגרינדער פון יידישן לעגיאן, דער מאראלישער דערמונטערער פון יידישן זעלנער אין זיינע רעדעס און בריוו פון גאליפאלי, דער גרינדער פון „החלוץ“ — ווער געדענקט וועגן דעם?

וואס געדענקט מען יא וועגן תרומפלדור? — אויף דעם ענטפערט זשאבאטינסקי אין זיין „קדיש“: „דעם גבור פון תל־חי“, ווייל „די מאסע זעט אין תרומפלדור דעם „גבור“ און נישט דעם „קדוש“, דעם מענטש, „וואס האט העלדיש געקעמפט“ און נישט דעם „וואס איז שיין געשטארבן“. די מאסע און די יוגנט האבן ליב „תרומפלדור דעם סאלדאט. נישט זיין האמער, נישט זיין אקער, נאר דווקא זיין שווערד“.

תרומפלדור איז געווען דער עקשנותדיקער טיפ פון „אין דבר“. אנטקעגן די דעוויזן פון „תולעת יעקב“, „ונפשי כעפר לכל תהיה“. — האט ער פאקטיש געשטעלט די דעוויזן פון „על שחל ופתן תדרוך, תרמוס כפיר ותנין... החלש יאמר: גבור אני“.

* * *

„זיך האט ער געזען שטייענדיק אין אחרית הימים אויף א בערגל, און ער איז אויך האן

אַ מיליטער־מאַן, נאָר אַ מיליטער־מאַן". אַזוי שרייבט י. ח. ברענער װעגן טרומפּלדור.

„נאָר אַ מיליטער־מאַן"? — יאָ, דאָ איז דאָך די גאַנצע גרויסקייט פֿון טרומפּלדור. טאָמאַס ג. מאַסאַריק אין זיין בוך „װעלט־רעװאָלוציע" שרייבט, אַז די מענטאַליטעט און אַרט לעבן פֿון סאָלדאַט זיינען ערלעכער פֿון דעם סתם מיענטשנס. דער סאָלדאַט איז שטאָלץ, גענאַדיק צו זיינע חברים און האַרט צום פֿיינט. דער סאָלדאַט גייט זיין גראָדע ליניע. ער איז װייט פֿון פֿאַרקריפּלען און פֿאַרדרייען פֿאַקטן. ערלעכקייט, פּשטות, גענאַדיקייט — דאָס האָבן געזען אין טרומפּלדורן סיי ברענער, סיי פּעטערסאָן און סיי זשאַבאָטינסקי.

נאָכן פֿאַרלירן זיין האַנט — שרייבט ער צו זיין פֿאָטער, אַז מען זאָל נישט זאָרגן פֿאַר אים, װייל מיט זיין געבליבענער רעכטער האַנט װעט ער באַװייזן נאָך מער װוּנדער װי אַנדערע מיט צװיי הענט.

„אויב איך גיי שטאַרבן — גיי איך מיט פֿרייד און מיט אַ לייכט האַרץ. װייל דאָס איז פֿאַר דאָס טייערסטע, װאָס איך פֿאַרמאָג. צי איז עס נישט קיין פֿרייד צו שטאַרבן מיט אַ געפֿיל, אַז פֿאַר דעם פּרייז װעט מיין פֿאָלק עפּעס באַקומען אין מיין טייערן פֿאָטערלאַנד, אין אר"י?!".

„װי שװער איז פֿאַר מענטשן צו פֿאַרשטיין, אַז דער טויט איז נישט אַזוי שרעקלעך, און אַז די שאַנדע איז שרעקלעכער פֿון אים!"

„װען דו זעסט דיינע בלוט־פֿאַרװוּנדעטע חברים — ציט זיך דיין האַנט צום ביקס".

„דער חלול השם איז ערגער פֿון טויט, און נאַציאָנאַלע ערע און פּראַכט זיינען װיכטיקער פֿון לעבן".

אַזוי האָט געזאָגט טרומפּלדור. אַזוי האָט געזאָגט אַ סאָלדאַט, געזאָגט און געטאָן. און אַזוי טאַקע באַצייכנט אים זשאַבאָטינסקי אין זיינע זכרונות װעגן לעגיאָן: „ער האָט געזאָגט „אין דבר" און געשטאָרבן אַן אומשטערבלעכן טויט".

„נאָר אַ מיליטער־מאַן"? — יאָ, אָבער דאָס איז דאָך אַלץ װאָס מען קאָן זאָגן װעגן טרומפּלדור. דאָס איז דאָך דאָס שענסטע, װאָס ס'איז בנמצא.

* * *

אמת, טרומפּלדור איז געװען אַמאָל אַ סאָציאַליסט פּונקט װי רוטנבערג איז געװען אַמאָל אַ סאָציאַליסט. אָבער װען טרומפּלדור איז געקומען צו זיין פֿאָלק, האָט ער, אַזוי װי רוטנבערג, געביטן דעם פּרימאַט דער פֿאָלקס־באַפֿרייאונג לגבי דער קלאַסן־באַפֿרייאונג. טרומפּלדור שרייבט צו זיין ברודער, אַז אין ארץ־ישראל װעט ער „מיט פֿרייד דינען אַלס איינפֿאַכער סאָלדאַט. דאָרט װעל איך זיך פֿילן ביי מיר אין דער היים", נאָכער װי ער האָט אַ לאַנגע צייט „געקלאַפּט אויף פֿרעמדע טירן, און אָנשטאָט צו געפֿינען ליבע און פֿריינטשאַפֿט האָט ער זיך געטראָפֿן מיט קללות און קלעפּ". און אויב אין ארץ־ישראל װעט מען אויך „שרייען צו מיר: אַװעק פֿאַראַכטעטער, דו ביסט דאָ אַ פֿרעמדער — װעל איך מיטן שװערד אין האַנט אויפֿשטיין צו פֿאַרטיידיקן מיין רעכט און מיין פֿאָטערלאַנד".

און װי זאָל דערציגן װערן די יוגנט? — אויף דעם ענטפֿערט טרומפּלדור אין אַ בריװ צו זיינע חברים: „נאַציאָנאַלע דערציאונג". װאָס באַדייט דאָס? — „נאַציאָנאַלע דערציאונג באַדייט אַ דערציאונג אין יידישן גייסט און אין דער העברעאישער שפּראַך. — — מען מוז פֿאַרברייטערן די דערציאונג אין העברעאיש־נאַציאָנאַלן גייסט, לערנען די העברעאישע שפּראַך, די יידישע געשיכטע א.אַז.װ.".

און װאָס פֿאַר אַ יוגנט דאַרפֿן מיר האָבן? — אַ יוגנט פֿון פּיאָנערן, װעלכע װעט זיין גרייט אויף אַלץ: „אויב אַרבעטער דאַרף דאָס פֿאָלק — מיר זיינען דאָ; אויב סאָלדאַטן — מיר זיינען דאָ; אַלץ, װאָס דאָס פֿאָלק דאַרף — מיר זיינען דאָ!".

און צי קען אויך די פּריװאַט־איניציאַטיװ דערפֿילן אַ פּיאָנערישע פֿונקציע? — אויף דעם ענטפֿערט דער „סאָציאַליסט" טרומפּלדור אין דעם אויבנדערמאָנטן בריװ צו זיינע חברים: „איך בין קעגן דעם מען זאָל באַקעמפֿן די פּריװאַט־איניציאַטיװ. פֿאַר־

קערט, מיר מוזן אונטערשטיצן יעדע פּריוואַט-איניציאַטיוו, ווייל וואָס מער עקאָנאָמישע באַזיסן אין ארץ-ישראל וועלן געהערן דעם גאַנצן יידישן פאָלק — אַלץ נענטער וועלן מיר זיין צו דער פאַרוויקלעכונג פון אונזערע אידעאַלן".

און דעריבער — רופט ער אין זיין אויפרוף נאָענט פאַר זיין טויט — „יעדע מינוט איז טייער. ווער עס גייט אַריין אין ארץ-ישראל, איז געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט, אָדער פון אַ מאַראַנען-לעבן. יעדע פאַרשפּעטיקטע מינוט איז אַ פאַרברעכן. דעריבער שטרענגט זיך אָן און דערהויבט זיך העכער פון ענגע פאַרטייאישע שטאַנדפּונקט. העלפט איינער דעם צווייטן מיט אַ ברייט אָפּעניער ברידערלעכער האַרץ צו דערפילן די בשותּפותדיקע פליכט. העלפט די, וועלכע שטייען אויפן שוועל פון אַריינטריט אין ארץ-ישראל! ראַטעוועט זיי!".

תרומפּלדור איז געפאַלן אין תל-חי זאָגנדיק: „ס׳מאַכט נישט, ס׳איז גוט צו שטאַרבן פאַר אונזער לאַנד!" — דאָס איז אַלץ וואָס די מאַסן ווייסן וועגן תרומפּלדור.

* * *

און אַזוי ווי תרומפּלדור — אַזוי אויך תל-חי.

שניאור שאַפּאָשניק, אהרן שער, דבורה דראַכלער, בנימין מונטער, שאַרף, שרה ציזיק, טאַקער — די זיבן חברים, וועלכע זיינען געפאַלן צוזאַמען מיט תרומפּלדור אין יא׳ אדר תר"פ דאָרט אין תל-חי זיינען, ליידער, פאַרגעסן געוואָרן. די קבוצה פון תל-חי — ווער געדענקט וועגן איר?

— וואָס געדענקט מען יאָ וועגן תל-חי?

— אויף דעם ענטפערט זשאַבאָטינסקי: „תרומפּלדור אַלס אַ יידישער סאָלדאַט, תל-חי אַלס אַ יידישע פעסטונג — אַ ביישפּיל און אַ לערע פאַרן יונגן דור".

תל-חי איז פאַרבונדן מיטן אָנדענק פון סאָלדאַט יוסף תרומפּלדור.

מעגלעך, אַז עס איז נישט יושרדיק צו פאַרגעסן די איבעריקע זיבן העלדן; אָבער ליידער, איז דאָס אַ פאַקט — נאָר איינער פון די אַכט איז געבליבן אין פאָלקס-זכרון. און דער איינער איז תרומפּלדור.

די אַראַבער האָבן דאַן געקעמפט קעגן פראַנקרייך, אונטער וועמענס הערשאַפט אויך תל-חי איז דאַן געווען. און ועד הצירים פון ישוב האָבן אוסישקין, קאַצענעלסאָן א.אַנד. געפאָדערט פון די העלדן נישט צו פאַרלאָזן תל-חי; זשאַבאָטינסקי האָט געפאָדערט צו פאַרלאָזן. ביז הייַנט קאָן מען זשאַבאָטינסקין נישט פאַרגעסן זיין „חטא". שפּעטער האָט ער אויפגעקלערט זיין שטאַנדפּונקט אין זיין אַרטיקל „בין הששי לאחד-עשר": אין תל-חי זיינען געווען בלויז עטלעכע צענדליק יידישע יוגנטלעכע אין אַ ים פון הונדערטער אַראַבער. איבערלאָזן די טייערע טרייע אָן אַ פאַרשטאַרקונג, הייסט זיך שפּילן מיט זייער בלוט. קענט איר שיקן אַ פאַרשטאַרקונג — שיקט; קענט איר נישט — דאַן דערלויבט זיי צו פאַרלאָזן תל-חי!

זשאַבאָטינסקיס שטאַנדפּונקט איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן. תרומפּלדור און זיינע חברים זיינען געפאַלן. תרומפּלדור איז פאַרוווּנדעט און פרעגט זיך נאָך ווי אַזוי דער קאַמף ווערט פאָרגעזעצט. תרומפּלדור שטאַרבט מיט זיין „אין דבר".

זשאַבאָטינסקי שרייבט דעם „שיר אסירי עכו" און דעם „שיר תל-חי".

פון דער טראַגעדיע תרומפּלדור ווערט אַ העראָאיזם. „תרום-פה-לדור"! גיב דאָ אַ שפּענדע פאַרן דור! דערהויב דאָ דעם דור! אַזוי האָט פאַרשטאַנען איתמר בן אבי די באַדייטונג פון דעם נאָמען תרומפּלדור.

פון דער טראַגעדיע תל-חי ווערט אַ העראָאיזם. „תל הכח העברי!", „תל הרוח העברי!", „תל עמל ועוז ואור!", „שם תל-חי רם ימריא!"

ווייל אויב הייַנט זיצן מיר דעם גרעניץ אין צפון אין פאָרם פון אַ זיג-זאַג, אָנשטאָט צו זיין אַ גלייכער פאַס, איז דאָס אַ דאַנק „דאָס בלוט פון די אַקעריצר אין תל-חי" — ווייל דאָס בלוט האָט אָפּגעגעבן תל-חי פאַר אונז. און דורך דער הייליקייט פון הייליקן בלוט זיינען אויך פאַרהייליקט געוואָרן תל-חי און דער גרעניץ אין צפון.

טרומפּעלדור האָט געקעמפט אויך אין גלות, אָבער ער בלייבט אין זכרון אַלס קעמ־פער אין תל־חי. די קאַמפן פון אונזערע אבות אין גלות זיינען פאַרגעסן געוואָרן; זייער קאַמף אין ארץ־ישראל לעבט. דער קאַמף אין גלות איז טראַגעדיש; אין ארץ־ישראל — טראַגעדיע און העראָאיזם, ווייל אין יעדן העראָאיזם איז דאָ אויך אַ טראַגעדיע, אָבער נישט אין יעדער טראַגעדיע איז דאָ אַ העראָ־איזם.

תל־חי געפינט זיך אין צפון פון ארץ־ישראל און דאָרט איז טרומפּעלדור געפאַלן — דאָס איז אַלץ, וואָס די מאַסן ווייסן וועגן תל־חי.

* * *

און נישט נאָר דער העלד טרומפּעלדור און נישט נאָר דער אָרט תל־חי זיינען פאַרבונדן; מיט זיי איז אויך פאַרבונדן אַ באַוועגונג — ברית יוסף טרומפּעלדור (בית״ר), וועלכע באַגריסט זיך מיט תל־חי.

„טרומפּעלדור ווי אַ יידישער סאָלדאַט, תל־חי ווי אַ יידישע פעסטונג, זיינען נישט קיין מיספאַרשטענדעניש, נאָר אַ ביישפּיל, אַ טראַדיציע פאַר דער יידישער יוגנט — זאָגט זשאַבאָטינסקי.

ווען נישט בית״ר — ווער ווייסט צי טרומ־פּעלדור וואָלט נישט פאַרגעסן געוואָרן, אַזוי ווי זיינע זיבן חברים?! ווען נישט בית״ר — ווער ווייסט ווי עס וואָלט אויסגעזען דער זכרון פון תל־חי?!

טרומפּעלדור בלייבט אין זכרון אַלס קעמ־פער, תל־חי — אַלס קאַמפס־פּלאַץ, בית״ר — אַלס קאַמפס־באַוועגונג; טרומפּעלדור איז אַ העלד, תל־חי — העראָאיזם, בית״ר — אַ העראָאין; טרומפּעלדור איז פאַלסיפיצירט געוואָרן, תל־חי איז פאַלסיפיצירט געוואָרן און אויך בית״ר איז פאַלסיפיצירט געוואָרן, ווען מען האָט איר באַטראַכט אַלס טרעגערין פון מיליטאַריזם.

און דערפאַר איז נישט גענוג זיך מתיחד צו זיין מיט דעם אָנדענק פון דעם „גבור גורם", נישט גענוג צו גיין צום קבר אין צפון, נישט גענוג צו זינגען „דם שומר גבול אר־צנו", אויב מען רעספּעקטירט נישט די אי־דיי פון געפאַלענעם.

ווייל אַזוי הויבט אָן זשאַבאָטינסקי זיין „קדיש": „דער קודשא ברוך־הוא געהערט מער צום געשטאָרבענעם ווי צום לעבעדיקן. — — אויב דו גייסט אין זיינע וועגן — דאַן מעגסטו זאָגן קדיש; אויב נישט, איז דיין קדיש אַ פעלשונג".

ווייל אַזוי ענדיקט זשאַבאָטינסקי זיין „קדיש": „דער קדיש (צום אָנדענק פון טרומפּעלדור — מ.ה.) און זיין יאָרצייט (יא׳ אדר), זאָגט: אַזוי לאַנג ווי מיר וועלן געדענ־קען דיין נאָמען — וועט גרויס און הייליק זיין דיין ביישפּיל און מיר גייען אין דיינע וועגן".

* * *

מען פרעגט: אין טעג, ווען מיר האָבן אַ רשימה פון הונדערטער קרבנות אין ארץ־ישראל — וואָס פאַר אַ זין האָט עס צו מאַכן אַן אבל־יחיד צום אָנדענק פון איינעם, וועל־כער איז געפאַלן מיט קרוב דריי צענדליק יאָר צוריק?

יאָ, מאַסן קרבנות זיינען פון דאַן אָן גע־פאַלן; און קיינער דערמאָנט זיי נישט. יאָ, אונזער דור האָט זיך שוין צוגעוווינט צו זען מאָג־מעגלעך בלוט פאַר די אויגן; און אַן אבל־יחיד ווירקט נישט מער. דאָך דערמאָנען מיר יעדן יא׳ אדר די אַכט העלדן פון תל־חי און בתוכם דעם העלד פון תל־חי, דעם העלד בה"א הידיעה. אויב מיר טוען עס — טוען מיר עס צוליב דעם חדוש, וואָס ער האָט

מחדש געווען אין אונזער לעבן, דיצם חידוש, וועלכן מיר שטעלן אַלס סימבאָל, דעם חדוש, פון וועלכן די יוגנט דאַרף נעמען אַ ביישפיל. ווייל די חללים נאָך אים האָבן זיין געשטאַלט געהאַט פאַר די אויגן, און זיין טאַט האָבן
שטאַלט" און פאַר אַ „טאַט“?
זיי נאָכגעטאָן.

„חדוש“, „סימבאָל“, „ביישפיל“, „געמיצר? וואָס איז דער „חדוש“, וועלכער ווערט אַ „סימבאָל“ און אַ „ביישפיל“ פון אַ „געשטאַלט“ און אַ „טאַט“?

יידן האָבן פאַרמאָגט רבנים, שרייבער, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, סוחרים און אַפילו פאַכלייט. אָבער איין זאַך האָבן זיי נישט פאַרמאָגט — סאָלדאַטן. מיט אַלע מיטלען האָבן זיך יידן באַמיט אַרויסצודרייען פון מיליטער=דינסט. אַפילו שפעטער, ווען ס'איז געשאַפן געוואָרן אַן אייגענער יידישער ליגיאָן, זיינען פיל יידישע און זאָגאַר ציוניסטישע מנהיגים געווען קעגן אים צוליב דער פסיכאָלאָגישער מורא פאַרן מיליטער=דינסט.

און דאָ קומט אַ ייד פון דער פרינצמד מיט זיינע חדושים, ער איז געווען אַ סאָלדאַט. און נישט סתם אַ סאָלדאַט, נאָר אַ  י י ד י ש ע ר  סאָלדאַט, וואָס האָט געקאָנט זאָגן רואיק און מיט אַ ריינעם געוויסן: „מאָריטורי סאַלוטאַנט יודעאַ!“

יאָ, מיר זיינען זיך טאַקע מתיחד אויך איצט מיט זיין אָנדענק, צוליב זיינע חדושים, צוליב זיינע טאַטן, וועלכע האָבן געשטעלט זיין געשטאַלט אַלס סימבאָל און אַלס ביישפיל. ער האָט מחדש געווען דעם יידישן מיליטערמאַן, דעם יידישן העלד, דאָס יידישע שווערד, דעם יידישן פאַטריאָטיזם, די יידישע זעלבסטפאַרווירקלעכונג, די ערלעכע יידישע פשטות, די יידישע באַשיידנקייט, די ערלעכקייט פון דיצר נשמה, די זויבערקייט פון דער מחשבה, די ריינקייט פון דער כוונה, און ועל כלם — ער האָט באַנייט די נייע מענטאַליטעט מיט דעם באַנייטן וועג, וועלכע באַנייען די באַנייטיג יידישע פרייהייט דאָרט=דאָרט, אויף די בערג פון גליל, דאָרט=דאָרט צווישן אילת און מטולה.

די פאַרזעצער פון תל=חי מאַרשירן אויף ירושלים מיט אַ גלויבן אין נצחון און אין די פירות פון נצחון. דער דור פון מאָרגן וועט זיין גרייט צו פאַרווירקלעכן דעם „טוב למות בעד ארצנו“, אָביצר זיין לעבנס=וועזן וועט זיין „טוב לחיות בעד ארצנו“.

„לא כל מי שכתב איזה ספר —
הדי זה סופר. הסופר יולד"
(ראובן בריינין)

# דענקער און דיכטער

„ראינוך כאריאל האמת וכאיתן הרוח"
(ח. נ. ביאַליק)

# אחד־העם

„וואָס איז געווען משה"? — פרעגט אחד=העם אין זיין אַרטיקל „משה" איבער משה רבנו. — צי איז ער געווען אַ מיליטער=מאַן? — ניין — ענטפערט אחד=העם — ווייל אין צייט פון קריג זיצט משה און הויבט אויף די הענט. בלויז זיין אָנוועזנהייט באַגייסטערט די זעלנער, אָבער ער אַליין איז קיין מיליטער=מאַן נישט געווען.

— צי איז ער געווען אַ שטאַטס=מאַן? — ניין — ענטפערט אחד=העם — ווייל בעת משה איז געשיקט געוואָרן דורך גאָט צו פרעה, מוז גיין מיט אים אהרן, וועלכער איז משה'ס מויל. משה איז אַ „כבד=פה"; אהרן איז דער דיפּלאָמאַט. משה איז דער „נביא" און וויל צופּאַסן די קאָניונקטור צו זיין אידיי; אהרן איז דער „כהן" און פּאַסט צו די אידיי צו דער קאָניוקטור. משה גיט דעם געדאַנק, אָבער קיין שטאַטס=מאַן איז ער נישט געווען.

— וואָס איז דען געווען משה? — „ולא קם עוד נביא בישראל כמשה" — ענטפערט אחד=העם — משה איז דער „אדון=הנביאים", דער גרעסטער נביא ביי יידן.

* * *

און איצט:

וואָס איז געווען אחד=העם?

— צי איז ער געווען אַ פילאָזאָף? — יאָ — ענטפערן פיל. ניין — ענטפערט ד"ר שילער, ווייל אַ פילאָזאָף דאַרף האָבן אַ שיטה, וועלכע ער דאַרף טריי דינען; און אחד=העם האָט קיין שיטה נישט געהאַט — ער האָט זיך באַנוצט אַמאָל מיט דעם געדאַנק און אַמאָל מיט יענעם.

און באמת — ער איז דאָך געוועזן שילער: ווייל אחד=העם גלויבט אין אַן עוואָלוציאָנערער לאַנגזאַמער אַנטוויקלונג — פון איין זייט; און איז גלייכצייטיק באַגייסטערט פון גרויסע פּערזענלעכקייטן ווי משה און רמב"ם און רבי נחמן קראכמאַל (רנ"ק), וועלכע האָבן געבראַכט צו פּלוצמדיקע רעוואָלוציאָנערע דערשיינונגען — פון דער צווייטער זייט.

ווייל אחד=העם גלויבט אין זיין „עבדות בתוך חרות" און אין זיין „עבר ועתיד", אַזוי ווי רב סעדיה גאון, אַז די יידישע רעליגיע איז געשאַפן געוואָרן פאַרן קיום פון פאָלק; און אין זיין „כהן ונביא" גלויבט ער, אַז דאָס פאָלק איז געשאַפן געוואָרן פאַרן קיום פון דער רעליגיע.

ווייל אחד=העם איז נישט מסכים מיט בערדיטשעווסקין, אַז עס איז פאַראַן אַן „אויסדערוויילטער מענטש" און זאָגט, אַז עס איז פאַראַן אַן „אויסדערוויילטער פאָלק"; און אין זיין „יפוער שולע" זאָגט ער, אַז מען טאָר נישט דערציען די קינדער צו גלויבן אין געדאַנק פון אַן „אויסדערוויילטן פאָלק".

ווייל אחד=העם'ס הויפּט=מאָטיוו אין אַלע זיינע אַרטיקלען איז, אַז די תורת=משה האָט געזאָרגט נאָר פאַר דער טובה פון כלל, אַז דער יחיד איז נאָר אַ קליין רינגעלע אין דער לאַנגער פאָלקס=קייט, אַז די נביאים האָבן צוגעזאָגט גליק דעם כלל, און דער פּרט האָט זיי גאָרנישט אינטערעסירט; און אַ לאַנגע צייט איז ער געווען קעגן לעגיאָן, ווייל קריג ברענגט צו בלוט=פאַרגיסונג פון פּרט.

ווייל אחד=העם גלויבט אין זיין „בין קודש לחול", אַז אַ הייליקער ציל פאַרהייליקט אויך

די מיטלען צום ציל; און ווען אַן אַראָבער ווערט האָך אחד־העם אויפגעברויזט.

אַלזאָ קיין פילאָזאָף איז ער נישט געווען.

— צי איז ער געווען אַ זשורנאַליסט? — ניין — ווייל אַ זשורנאַליסט שרייבט נאָר פאַר זיין תקופה; און אחד־העם'ס אַרטיקלען זיינען אַקטועל אויך היינט און וועלן נישט פאַרלירן זייער אַקטואַליטעט אין משך פון דורות.

— צי איז ער געווען אַ רעדאַקטאָר? — ניין — ווייל אַ רעדאַקטאָר דאַרף פאַרשטיין אויך דעם גייסט פון שרייבער; ווען ער ענדערט עפּעס, דאַרף ער זיך צופּאַסן צום סטיל פון שרייבער; אחד־העם פלעגט ענדערן גאַנצע געדאַנקען פון שרייבערס, און פיל פלעגן זיך אויף אים באַקלאָגן. ווייל אַ רעדאַקטאָר דאַרף זיין עלאַסטיש, און אחד־העם אין זיין „מכתב אל העורך" דערקלערט, אַז ער האָט פאַרלאָזן די רעדאַקציע פון זשורנאַל „השלח", ווייל ער איז נישט געווען עלאַסטיש.

— צי איז ער געווען אַן אָרגאַניזאַטאָר? — ניין — ווייל ער האָט געוואָלט אַרויסגעבן אַן ענציקלאָפּעדיע „אוצר היהדות", אַזוי ווי דער רמב"ם האָט אַרויסגעלאָזן די „משנה תורה", און עס איז אים נישט געלונגען. ווייל ער האָט אָרגאַניזירט זיין „בני משה" פאַרבאַנד און נאָך אַ קורצן עבעדיקן עקזיסטענץ זאָגט ער אַליין, אַז דאָס איז געווען „אַ נישט געלונגענער פּרווו" („נסיון שלא הצליח").

— צי איז ער געווען אַ פּאָליטיקער? — ניין — ווייל ער איז געווען בכלל קעגן פּאָליטישער אַרבעט.

— צי איז ער געווען אַן אידעאָלאָג? — ניין— זאָגט ד"ר מ. ראַבינזאָן — ווייל אחד־העם'ס קריטיק איז קלאָר, אָבער זיין פּאָזיטיווע אידיי איז נישט קלאָר.

און צווישן זיך גערעדט — ער איז דאָך גערעכט, ראַבינזאָן:

ווייל אחד־העם קריטיקירט אין זיין „אמת מאר"י" די וועגן פון ארץ־ישראל־אויפבוי, אָבער וואָס זאָלן זיין די וועגן זאָגט ער נישט.

יאָ, „הכשרת הלבבות", „תחית הלבבות", „תחית הרוח", „עבודת הרוח" — דאָס זיינען שיינע ווערטער, וואָס זייער עלאַסטישקייט האָט געבראַכט נאָר צו פֿאַלסיפיקאַציעס פון אחד־העם'ס ווונטש.

ווייל אין זיין מינסקער רעדע דיסקוטירט ער מיט דובנאָוון איבער די „אַווטאָנאָמיע" און פרעגט: ווו איז די זיכערקייט, אַז אַלע יידישע קבוצים וועלן אָנערקענען דעם אַווטאָריטעט פון דעם קבוץ בעל האבטונומיה; אָבער ער פרעגט נישט זיך אַליין — באַמערקט, און מיט רעכט, ד"ר יחזקאל קאופמאַן — צי דער גלות וועט אָנערקענען דעם אַווטאָריטעט פון זיין געווונטשענעם „גייסטיקן צענטר" אין ארץ־ישראל.

ווייל אחד־העם'ס ערשער אַרטיקל איז „נישט דאָס איז דער וועג", און זיין תלמיד, ביאַליק, האָפט אין ליד „לאחד־העם" צו הערן אויך וואָס איז דער וועג...

אַלזאָ אחד־העם איז נישט געווען קיין פילאָזאָף, נישט קיין זשורנאַליסט, נישט קיין רעדאַקטאָר, נישט קיין אָרגאַניזאַטאָר, נישט קיין אידעאָלאָג — דאַן וואָס איז ער געווען?

ניתי כופר ונחזה: ער איז געווען דער סטיליסט פון דער מאָדערנער העברעאישער ליטעראַטור. זיין סטיל איז אַ נייער, אַ לעבעדיקער, אַ מאָדערנער, אַן אָנגענעמער — כלי עלמא לא פליגי. פון אַ „סגנון מליצי" האָט ער געמאַכט דעם „סגנון נמלץ".

דער סטיליסט פון דער ליטעראַטור איז ער געווען. און וואָס האָט זיין סטיל אַנטוויקלט? דעם נאַציאָנאַלן געדאַנק פון ציוניזם. ער איז געווען דער נאַציאָנאַלער דענקער. מעגלעך, אַז איבער איינציקע געדאַנקען זיינען דאָ פּלוגתות. אָבער, אַז ער האָט אַנטוויקלט געדאַנקען — לית מאן דפליג.

און וואָס איז די נשמה פון זיין סטיל, די נשמה פון זיין נאַציאָנאַלן געדאַנק? — דער דראַנג נאָך אמת, דער געפיל פון עטיק — ווייל ער איז געווען דער מאַן פון עטיק.

סאָקאָלאָוו דערציילט, אַז איבערזעצנדיק פינסקערס „אויטאָעמאַנסיפּאַציע", האָט אחד־העם נישט געפונען אין אַ געוויסן אָרט דעם פּאַסיקן אויסדרוק אין העברעאיש.

דאַן האָט ער דעם גאַנצן געדאַנק איבערגע־לאָזן, אָנשטאָט זיך צו באַנוצן מיט אַן ענ־לעכן טערמין, וועלכער איז נישט אין גאַנצן פּינקטלעך, ווייל די עטיק פון זיין נשמה האָט געפאָדערט די טרייקייט צום אָריגינאַל. ער איז געווען אַן „איניש דעלמא“, אַ היינטוועל־טיקער מענטש, און אַפילו לעבנדיק אין לאָנ־דאָן — שרייבט ער צו מענדעלי, נאָכן דער־שיינען פון „עמק הבכא“, אַז ער בענקט נאָכן „עמק־הבכא“, נאָכן פּשוטן ייד פון אַ גאַנץ יאָר מיט דער פּשוטער יידישער נשמה פון דעם קליין־שטעטלדיקן תחום־המושב. ווייל אין „עמק־הבכא“ איז דאָ דאָס, וואָס אין לאָנדאָן איז נישטאָ — די אמתע פּשוטע עטיק.

ער וויל די אויסדערוויילטע, די „ממלכת כהנים“, די קוואַליטעט מער ווי די קוואַנטי־טעט — ווייל קוואַליטעט איז טאַקע קלענער אין צאָל, אָבער עטישער אין גייסט.

* * *

הערצל האָט געבויט אויפן קוואַנטיטעט — ראַטעווען וואָס מער יידן, גוטע און שלעכטע! הערצל שאַפט דעם גרויסן פּאָליטישן ציוניזם; אחד־העם דעם קליינעם גייסטיקן ציוניזם. הערצל שאַפט די גרויסע מעכטיקע אַלוועלט־לעכע לעגאַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע; אחד־העם — די קליינע אויסדערוויילטע רו־סישע געהיימע „בני־משה“־גרופּע. הערצל זאָגט, אַז דער ענד־ציל איז „יידנשטאַט“; אחד־העם זאָגט, אַז דער „יידנשטאַט“ איז דער ציל, דער ענד־ציל — „תחית־היהדות“. הערצל שרייבט „אַלט־ניי־לאַנד“ און שיל־דערט די אויפלעבונג פון יידנטום; אחד־העם שרייבט וועגן אַ „גייסטיקן צענטער“, וועלכער זאָל אויך האָבן אַ פּאַרצווייגטן עקאָנאָמישן באַזיס אויף אַלע לעבנס־געביטן, אָבער וועל־כער זאָל דינען אַלס מוסטער פאַר די יידן אין גלות מיט זיין גייסטרייכקייט „כי מציון תצא תורה“ (ד״ר פּינסקר ומחברתו) — ער באַטאָנט די אויפלעבונג פון יידישן גייסט. הערצל איז געקומען צום ציוניזם מיט לאָגי־שע אַרגומענטן („יידנשטאַט“), און איז גע־וואָרן אַ ציוניסט פון געפיל (זיין בריוו צו באַראָן הירש). אחד־העם איז געקומען צום ציוניזם מיט געפיל („חבת־ציון“), און גע־וואָרן אַ ציוניסט פון שכל („צרת היהדות“). הערצל איז געבוירן אין מערב־אייראָפּע און און געווען אַ רעוואָלוציאָנער; אחד־העם — אין מזרח־אייראָפּע און געווען אַן עוואָלו־ציאָנער.

די מענטאַליטעט איז געווען אַן אַנדערע, דער טערמין — אַן אַנדערער. אָבער דער ציל איז געווען איינער און דער זעלבער ביי ביידן. אויך אחד־העם האָט געוואָלט אַ גרויסן „יידנשטאַט“, ער וויל נישט אַ „קליינע מדי־נה“, וועלכע וועט זיין אַ שפּיל־באַל פאַר די „גויים“ („הנבוכים“). אויך ער האָט נישט געגלויבט אין די געוואַלדיקע טאַטן פון די קבוצות און האָט געבויט הויפּטזעכלעך אויף פּריוואַטער איניציאַטיוו (זיין לעצטער אַרטיקל „סך־הכל“, וואָס האָט אַרויסגערופן א. ד. גאָרדאָנס צאָרן). נאָך הערצלס טויט האָט אחד־העם געשריבן אין דער הקדמה צום דריטן באַנד פון זיינע שריפטן איבער דעם „לעגענדאַרן הערצל“.

און צום סוף: די פראַגע וועגן דער יידי־שער מערהייט. יוחנן פּאָגראָווינסקי, אחד־העם׳ס סעקרעטאַר און היינט לייטער פון „בית אחד־העם“ אין תל־אביב, גיט איבער אין זיין אַרטיקל „אחד־העם און זשאַבאָ־טינסקי“ דעם געשפּרעך צווישן די צוויי, וועגן אַ יידישער מערהייט. און שפּעטער זאָגט זשאַ־באָטינסקי: „די תורה פון דער יידישער מער־הייט — פון וועמען האָב איך געלערנט? — פון מיין לערער און רבי אחד־העם, ווייל אזוי זאָגט ער אין זיין אַרטיקל „שלוש מדר־גות“: ארץ־ישראל וועט מוזן האָבן אַ יידי־שע מערהייט“.

* * *

די טרייקייט פון אחד־העם צו זיין פאָלק איז גרויס. ער ווייזט אויף די גרויסקייט פון דער יידישער רעליגיע לגבי דעם קריסטנטום („על שתי הסעפים“). „איך בין אַ זון צו מיין פאָלק, פּונקט ווי איך בין אַ זון צו מיין פאָטער“. דאָס איז נאַטירלעך; לעכערלעך איז צו גלויבן ווי גייגער און צונץ, אַז דאָס פאָלק האָט אַ מיסיע צו דערציען די וועלט, בפרט, אַז די וועלט (דער שילער) אַכטעט

ניט איר לערער — דעם ייד („עבודות בתוך חרות“).

„צי איז מעגלעך, אז די גאנצע וועלט איז אומגערעכט און נאר די יידן זיינען גערעכט? עס איז מעגלעך און מעגלעך, און דער בלוט־בלבול וועט דאס באשטעטיקן. דא זיינען דאך די יידן כשר ווי די מלאכי־השרת; און דאך גלייבט די וועלט, אז יידן באנוצן זיך מיט גוייש בלוט אויף פסח („חצי נחמה“). יא, עס איז דא א קאנטאקט צווישן דער וועלט און יידנטום, אבער דאס יידנטום טאר זיך ניט אסימילירן. נאר קאנקורירן מיט דער וועלט און איר איבערשטייגן („חקוי והתבוללות“). יעדער פרעמדער געדאנק דארף ערשט קאנטראלירט ווערן צי ער פאסט זיך צו צום יידישן גייסט, און נאר דאן מעגן מיר זיך מיט אים באנוצן. איינער פון די אטריבוטן, וועלכע וועלן פאראייניקן דאס פאלק, איז די העברעאישע שפראך. די שפראך וועט אויפגעלעבט ווערן, ניט זוכנדיק נייע טערמינען, נאר דענקנדיק אין איר — „דערהויבט דעם געדאנק, און ער וועט דערהויבן די שפראך“! („הלשון וספרותה“). אזוי ווי רנ״ק (רבי נחמן קראכמאל) האט געגלייבט אין „אבסאלוטן גייסט“, וועלכער האלט אויף אונזער פאלק — פונקט אזוי האט אין אים געגלייבט אויך אחד־העם (קלאזנער און אוריניאווסקי), און אפשר האט ער נאך מער אנטוויקלט דעם געדאנק (סאקאלאוו און לאכאוויצר). רנ״ק זעט אין פאלק די דריי עפאכן פון „מועד הצמיחה והגדול“, „מועד העוז והמפעל“ און „מועד ההתוך והכליון“. און אחד־העם זעט די דריי עפאכן אין לעבן פון יחיד: יוגנט, דערוואקסנקייט און עלטער. רנ״ק ברענגט ביישפילן פון דער יידישער געשיכטע, לויט וועלכער די יוגנט פון אונזער פאלק באנייט זיך כסדר. און אויך אחד־העם גלייבט, אז ניט ווי דער יחיד איז דאס פאלק ישראל: דער „פריוואטער איד“ גייט אונטער, אבער דער „נאציאנאלער איד“ איז אייביק („עבר ועתיד“). אזוי האט אחד־העם באגרינדעט נאך מער רנ״ק'ס „הרוחני המוחלט“ און סמאלענסקינס „עם עולם“. אזוי דערנענטערט ער זיך צו נארדאוס „האידיאל ההכרזי“.

* * *

געלעבט פיל יארן אין אדעס, ניט באזוכט קיין גימנאזיעס, ניט געענדיקט קיין אוניווערזיטעטן — אן אויטאדידאקט אין שענסטן זין פון ווארט, אליין געלערנט, שטענדיק גרינדלעך, ערלעך און באשיידן. אין עלטער פון עטלעכע און דרייסיק יאר דערשיינט אשר גינצבערג מיטן ארטיקל „לא זה הדרך“, און שרייבט זיך אונטער „אחד־העם“ (איינער פון פאלק). דאס ארטיקל רופט ארויס איבעראל איבערראשונג, ער אליין האט שפעטער באטאנט, אז ער האט שוין פריער געשריבן, אבער האט ניט געפונען זיינע ווערק ראוי צום דרוק. ער בענקט (זייענדיק רעדאקטאר פון „השלוח“) נאך די צייטן ווען ער איז געווען בלויז א ליבהאבער פון זשורנאליסטיק, ווייל דאן האט ער געקאנט שרייבן ווען ער האט געוואלט, און איבער וואס ער האט געוואלט. ער האט געוואלט שרייבן נאר ווען עס איז דא וואס צו זאגן און באמערקן, ניט געוואלט זיין קיין פראפעסיאנעלער שרייבער. געארבעט אלס בוכהאלטער אין וויסאצקיס טיי־געשעפט און דאך אזוי פיל געלייסטעט — פיר בענדער „על פרשת דרכים“ און זעקס בענדער „אגרות“. כח' טבת תרפ״ז שטארבט אחד־העם אין תל־אביב אין זיין 71־טן לעבנסיאר.

פונקט ווי שטיינבערג איז געשטאַנען אויפן צווייפל־פונקט; פונקט ווי פיינבערג האָט געפרעגט „וווהין?“; פונקט ווי סמאָלענסקין האָט פאָרגעשטעלט דעם „בלאָנדזשענדיקן אויף די לעבנס־וועגן“; פונקט ווי ש״י איש הורביץ האָט געפרעגט „פון וואַנעט און וווהין?“ — פונקט ווי יעדער נייער וועגווייזער האָט אויך אחד־העם מיטן שכל פּראָפּאַגאַנדירט פאַרן נייעם, און אין האַרצן נאָך געווען פאַרבונדן מיטן אַלטן. ווי אַ „משכיל“ צווישן די אָרטאָדאָקסן, און ווי אַן אָרטאָדאָקס צווישן די „משכילים“ — אַזוי שטייט ער אויפן „שייד־וועג“ און „אויף די צוויי שוועלן“, קריטיקירנדיק די „צוויי מאַכטן“...

אחד־העם האָט נישט צעשטערט אַלטע ווערטן (ער האָט דאָס גאָרנישט געוואָלט), ער האָט אויך נישט געבויט קיין נייע וועלטן (ער האָט דאָס יאָ געוואָלט) — שטענדיק סקעפּטיש און פאָרזיכטיק. ער האָט געמאַכט די סינטעזע — אויפהאַלטן דאָס אַלטע און געהאָלפן אויפבויען דאָס נייע.

אָבער אחד־העם'ס גרויסקייט איז נישט אין וואָס ער האָט געשריבן, נאָר ווי ער האָט געשריבן — ער איז דער סטיליסט פון דער העברעאישער שפּראַך.

זיין גרויסקייט איז נישט אין וואָס ער האָט געדענקט, נאָר אין געדאַנק אַליין — ער איז דער נאַציאָנאַלער דענקער פון דער יידישער רענעסאַנס־באַוועגונג. זיין גרויסקייט איז אין זיין נשמה, אין געפיל און מענטאַליטעט — ער איז דער מאַן פון יצטיק.

* * *

„מיין ערשטער וועג איז געווען צום „כתל“. דאָרט האָב איך געטראָפן פיל ברידער. די שטיינער סימבאָליזירן דעם חורבן פון אונזער לאַנד, און די מענטשן — דעם חורבן פון אונזער פאָלק. וועלכער פון די צוויי איז גרעסער?“ („אמת מאר״י“). אָבער אייביק איז אונזער פאָלק („עבר ועתיד“). די לאָפּעטע פאַר אונזער קבר — אָן אַ זייט, אין קבר וועלן אונזערע שונאים אַליין באַגראָבן ווערן, און דאָס פאָלק איבערלעבט דעם פיינט און איז אייביק: זיין שפּראַך, זיין געדאַנק, זיין לאַנד און דאָס פאָלק אַליין — אָט לעבן זיין אויף, און אונזער פרילינג אָט ווערט ער באַנייט — „עם ישראל חי“!

„לבכות ענותך — אני תנים, ועת
אחלם שיבת־שבותך — אני כנור
לשיריך!“
(ר׳ יהודה הלוי)

# חיים־נחמן ביאַליק

מ׳זאָגט, אַז ער איז דער גרעסטער דיכ־טער פון דער מאָדערנער העברעאישער ליטעראַטור. מ׳זאָגט, אַז ער איז דער נאַציאָנאַלער דיכטער בה״א הידיעה. מ׳זאָגט, אַז זיין „אכן, חציר העם“ איז געווען אַ דערגרעג־צונג צו הערצלס „יודנשטאַט“, אַ דערגרענ־צונג, וועלכע האָט געהאָלפן דאָס פאָלק צום ציוניזם. מ׳זאָגט, אַז ער איז דער גרעסטער העברעאישער דיכטער זייט רבי יהודה הלוי...

וואָס איז געווען די שטוים־קראַפט דערצו, די שטוים־קראַפט, וועלכע האָט פאַרוואַנדלט דעם יתום פון דער וואָלינער ראַדין, דעם יתום, וועלכער שילדערט זיין הויז און זיין יתמות אין „שירתי“, אין דעם משורר בה״א הידיעה, די שטוים־קראַפט, וועלכע האָט אַ־רויסגעהויבן דעם אָרעמען לײדנדן ייִנגל, וואָס האָט פון קיין יוגנט נישט געוווּסט און פון קיין ליבע נישט געהערט („אומרים, יש בעולם נעורים — היכן נעורי?“ — — „אומרים, אהבה יש בעולם — מה זאת אה־בה?“ — אַזוי אַנדעקט ער דאָך דעם „סוד יסורי“ אין די צייטן פון „בעת רחמים, בין השמשות“); וואָס איז די קראַפט וואָס האָט געמאַכט דעם געבוירענעם אין טאָג פון מצור־נבוכדנצר אויף ירושלים (עשרה בטבת) און דעם אין 61 יאָר שפּעטער געשטאָרבע־נעם פיר טעג נאָך דער הבקעת חומת ירו־שלים דורך נבוכדנצר (כ״א תמוז) אין אַן אָנ־זאָגער פון נחמה און גאולה און ישועה; וואָס איז דער כח וואָס האָט פאַרוואַנדלט דעם וואָ־לאָזשינער ישיבה־בחור אין דעם ליטעראַרישן ווענווייזער פאַר אַ בלאָנדזשענדן דור?

ווילסטו קענען דעם שעפער — גיי צו זיינע שאַפונגען!

אין איינעם פון זיינע לידער („לבדי“) אַנ־דעקט ביאַליק אין אַ רמז דעם סוד פון זיין שאַפונג, די שטוים־קראַפט און דעם כח, וועלכע האָבן אים פאַרוואַנדלט אין וואָס ער איז שפּעטער געוואָרן.

אַט שטייט ער אין בית־המדרש. איינזאַם און אַליין. ער געפינט קיינעם נישט. אַלע זיי־נען זיך צעגאַנגען ליצרען אַלגעמיינע למו־דים — „כלם נשא הרוח, כלם סחף האור, שירה חדשה בוקר חייהם הרנינה“. און ער אַליין איז געבליבן טריי דעם אַלטן ייִדישן גייסט פון בית־המדרש. „ואני גוזל רך נשת־כחתי מלב, בדד־בדד נשארתי“. און אַזוי איז ער אַליין, אָבער דאָך נישט אַליין — צוזאַמען מיט אים איז אויך דאָ די שכינה, וועלכע איז אויך פאַראיינזאַמט און פאַרעלנט. און אַזוי געפינט ער זיך „תחת כנפי השכינה“. „והש־כינה אף היא עמדי, כנף־ימינה השבורה על ראשי הרעידה, על בנה, על יחידה“. און ביאַ־ליק און די שכינה פאַרשטייען זיך קעגנזייטיק — „ידע לבה את לבי“.

וואָס האָט ביאַליק פאַרשטאַנען? געוויס האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ער איז דער איינ־ציקער בן יחיד פון אַ פאָלק, וועלכער האָט גרויסעס געשאַפן און געלייסטעט. אַלע זיינען זיך צעגאַנגען אויף פרעמדע וועגן און אויף זייטיקע שטעגן. און אויף אים ליגט די פליכט, די הייליקע און דערהאַבענע פליכט, צו ראַטעווען דאָס פאָלק און זיין קולטור — אין נאָמען פון דער איינזאַמער שכינה, וועלכע באַגלייט אים, אין נאָמען פון „לבדי“

אוּן „בדד“. אוּן דאָ הויבט ער זיך אויף. מיט אַ געפיל פוּן אחריות פאַר די קומענדיקע דורות ווערט ער דער זשיצני פוּן דער העברעאישער ליטעראַטוּר.

אחד=העם, דער גרויסער פעדאַגאָג אויף ליטעראַרישע שאַפוּנגען, ווען ער פאַרלאָזט די רעדאַקציע פוּן „השלוח“ — שרייבט ער אין זיין בריוו צוּם נייעם רעדאַקטאָר, פראָפ. קלויזנער („מכתב אל העורך“) וועגן דער גראַפאָמאַניע פוּן דעם דור. אָבער צוויי, באַצייכנט ער, האָבן שטענדיק געהאַט פלאַץ אין צייטוּנג — מענדעלי אוּן ביאַליק. יאָ, ביאַליק איז פאַר דער פּאָעזיע דאָס, וואָס מענדעלי איז געווען פאַר דער פּראָזע. ביאַליק איז דער נאַציאָנאַלער דיכטער פוּן געבוּרט.

* * *

אמת, נישט נאָר נאַציאָנאַלע לידער האָט ביאַליק געשריבן. ער האָט אויך געשריבן נאַטוּר=לידער, ליבע=לידער אוּן פאָלקס=לידער (פוּן וועלכע פיל ווערן אויך געזוּנגען). אָבער די אַלע זיינען אויך נאַציאָנאַלע לידער ביודעין, אָדער שלא ביודעין.

ביאַליק איז נישט קיין פּלאַסטיש=אָביעקטיווער פּאָעט, נאָר אַ ליריש=סוּביעקטיווער. זייענדיק אַן 18 יעריקער בחורל פאַרפאַסט ער זיין ערשטן ליד „אל הצפור“ (1891). אוּן אינטערעסאַנט, ער שילדערט נישט די אָביעקטיווע אייגנשאַפטן פוּן דעם פייגעלע, נישט ווי עס זעט אויס אוּן נישט ווי עס זינגט אוּן נישט ווי עס פליט, נאָר מער ווי ער שילדערט דעם אָביעקט פוּן דעם פייגעלע, שילדערט ער זיינע ליריש=סוּביעקטיווע געפילן פוּן השתפכות=הנפש, וואָס ער פילט עס זעענדיק. אוּן אַזוי זעט ער דאָס פייגעלע, אוּן דאָס זיינען זיינע געפילן צוּ אים: דינער ווינטער איז פאַרביי, אוּן דער פרילינג איז דאָ. דער דיכטער עפנט דאָס פענצטער, אוּן זעט אַ פייגעלע קוּמט אָן. אוּן „אין אדם רואה, אלא מהרהורי=לבו“ (יעדער מענטש זעט וואָס ער טראַכט — זאָגט אַ העברעאיש ווערטל). אוּן ביאַליק נעמט אָן, אַז דאָס פייגעלע איז געקוּמען פוּן אר״י, אוּן ער באַגריסט עס: „שלום רב שובך, צפורה נחמדת, מארצות החום אל חלוני. אל קולך כי ערב — מה נפשי כלתה, בחורף, ביעזבך מעוני“. אוּן וואָס פרעגט ער: „התשאי לי שלום מאַחי בציון, מאחי הרחוקים=הקרובים — — הקצרו ברנה העומר?“ ער בעט אַ גרוּס פוּן זיינע ווייטע אוּן נאָענטע ברידער (ווייט אין געאָגראַפישן זין פוּן וואָרט אוּן נאָענט צוּם האַרצן), פוּן זיינע ברידער אין אר״י. אוּן מיט אַמאָל אין מיטן — אַ ווענדוּנג צוּ די יידן אין אר״י: „היי מאושרים? הידעו ידוע, כי אסבול, הוי אסבול מכאובים!“ — צי זיי ווייסן, אַז דער דיכטער ליידט דאָ יסורים אין גלות. —

מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט ספּעציעל בּרייטער וועגן דעם ליד, ווייל דאָס איז ביאַליקס ערשטע ליד. אוּן וואָס דאַרף עס זיין, אויב נישט אַ נאַטוּר=ליד?! אָבּער פאַקטיש איז דאָס אַ נאַציאָנאַלע ליד, אַן אויסדרוּק פוּן ליידן אין גלות. אוּן גלייכצייטיק פוּן בענקשאַפט נאָך ציון. די צוויי מאָטיוון, ליידן אין גלות אוּן בענקשאַפט נאָך ציון, דאָס זיינען די הויפּט=מאָטיוון פוּן ביאַליקס גאַנצער שאַפוּנג. אוּן די צוויי מאָטיוון זאָגט ער שוין אַרוּיס אין זיין ערשטן ליד.

אָבער נישט נאָר דאָס ליד. מען קאָן זאָגן, אַז דאָס ערשטע ליד איז אַ „בוסר=נעורים“. מען קען זאָגן, אַז שפּעטער האָט ער זיך איינגעשריבן אוּן געשילדערט אָביעקטן. אָבער ניין! דאָס איז די טענדענץ אין ביאַליקס שאַפוּנג, ווייל אַן עכטע נאַציאָנאַלע קוּלטוּר מוּז איבעראַל אויסדריקן דעם נאַציאָנאַלן מאָמענט. נעמט, למשל, אַ צווייטן נאַטוּר=ליד „בשדה“, אוּן וואָס דריקט ער דאָרט אויס, אויב נישט זיין פאַרביטערוּנג פאַרוואָס מיר באַזיצן נישט אַ שטיקל באָדן: „מדוע לא תחלצי שדך גם לי, נפש דלה=שוקקה?“. אוּן דאָס זעלבע אין „ספיח“ אוּן אין „שירי חורף“ אוּן אין „בערוב היום“ אוּן אין „זוהר“ אוּן אין „הברכה“. ביאַליק, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין אַ דאָרף, האָט ליב געהאַט צוּ שרייבן וועגן דער נאַטוּר, אָבער מער ווי די נאַטוּר האָט ער ליב געהאַט זיין נאַציע.

אַזוי זיינען זיינע נאַטור=לידער. על אחת כמה וכמה זיינען אַזוי זיינע ליבע=לידער — דאָ איז דאָך געווים פאַראַן פּלאַץ אויסצודריקן סוביעקטיווע געפילן. וואָס איז ליריק, אויב נישט ליבע; און ווו איז דער אָרט פאַר השתפכות=הנפש, אויב נישט אין ליבע?!

אָבער געוויסע ליטעראַטור=קריטיקער גייען נאָך ווייטער, און זאָגן, אַז זיינע ליבע=לידער זיינען בדרך משל געשריבן געוואָרן. אין אַנדערע ווערטער: אַזוי ווי די מפרשים האָבן אויסגעטייטשט „שיר השירים" אַלס ליבע=אויסדרוק צווישן דער „כנסת=ישראל" און קב"ה — אַזוי האָט ביאַליק אין זיינע ליבע=לידער אויסגעדריקט בדרך משל די ליבע צווישן פאָלק ישראל און לאַנד ישראל. אויב מיר וועלן זיך פאַרגינען צו געבן אַ קליינעם קאָמענטאַר צו דעם פּירוש, אַ פּירוש אויף אַ פּירוש — וועלן מיר זאָגן אומגעפער אַזוי: עס זיינען דאָ גרויסע מענטשן, וועלכע רעדן בלשון רבים און מיינען זיך (אין לאַטיין רופט מען עס „פּלוראַליס מאַיעסטאַטיס", און אין ענגליש „ראָיעל פּלורל". אין אונזער ליטעראַטור האָט זיך נוהג געווען צו באַנוצן מיט דעם אָרט שרייבן דער רמב"ם אין זיינע „אגרות"). ביאַליק האָט זיך באַנוצט מיט לשון יחיד און געמיינט דעם לשון רבים — ער האָט נישט געזאָגט „מיר" אָנשטאָט „איך", נאָר „איך" אָנשטאָט „מיר", ער האָט גערעדט וועגן זיך, און געמיינט, ווי יענער שליח=צבור, דאָס גאַנצע פאָלק, דעם גאַנצן צבור, וועלכער האָט אים געשיקט „לבקש רחמים", „לעמוד ולחנן על עמך ישראל". דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס אינטערעסירט אים. די אַלע איבעריקע האָבן אַנטוישט („הכוכבים רמו אותי. היה חלום, אך גם הוא יעבר. עכשיו אין לי כלום בעולם, אין לי חבר!" — זינגט ער אין „הכניסיני תחת כנפך!"). „אין לי חבר"? — ניין, עפּעס וואָס האָט ער נאָך — ער האָט נאָך אַ פאָלק, וואָס וואַרט אויף אים. יהודה=לייב גורדון האָט געזונגען וועגן זיך „עבד לעבריה"; ביאַליק איז פאַקטיש געווען דער עבד לאומה.

* * *

און ווען ער זינגט דעם פאָלקס=געזאַנג — קאָן ער נישט פאַרבייגיין גלאַט אַזוי דעם קוואַל, וועלכער האָט אויפגעהאַלטן דעם פאָלק אין משך פון יאָר=הונדערטער גלות=ליידן — דעם בית=המדרש, וועלכן ביאַליק זעט אַלס אַ חלק שאינו מתחלק פון אונזער גאַנצן נאַציאָנאַלן מהות.

זיינע שירי בית=המדרש זיינען איבערפולט מיט ליבשאַפט צו דעם גייסטיקן קוואַל פון דער יידישער נאַציע. אָט זעט ער דעם מתמיד, וועלכער זיצט שוין זעקס יאָר אין ווינקעלע פון דער ישיבה. און קיין ווינט און קיין גאָרטן און קיינע שטערן קאָנען אים נישט איינרעדן צו פאַרלאָזן דעם יידישן מקור פון מים חיים — „לא יום, כי שש שנים על נפשו עברו — — מאז הסב פניו אל עבר הקיר, במקצוע האפל, גם קרן אור אחת לא ראה מלפניו" („המתמיד"). ווייל דאָס איז דער „בית=היוצר לנשמת=האומה". ווייל „אם יש את נפשך לדעת את המעין, ממנו שאבו אחיך המומתים — — עוז כזה" — אויב דו ווילסט וויסן דעם קוואַל, פון וועלכן דיינע ברידער האָבן געשעפּט אַזוי פיל דרייסטקייט צו גיין מיט פרייד צו דער עקדה און אויסצושטיין אַלע שבעה מדורי=גיהנום, — „הוי, אח נענה — אל בית=המדרש סור — — בלילי טבת הארוכים, בימי התמוז הבוערים!", דאַן גייען אין בית=המדרש, סיי אין די לאַנגע טבת=נעכט און סיי אין די הייסע תמוז=טעג („אם יש את נפשך לדעת"). און דערפאַר בעט ער אין שעהן פון איינזאַמקייט די שכינה: „הכניסיני תחת כנפך, והיי לי אם ואחות!". און דערפאַר פרייט ער זיך צו זען, אַז איינציקע שטעט זיינען פאַראַן, ווו עס ברענט נאָך אונזער אַלטער ליכט: „עוד יש ערים נכחדות בתפוצות=הגולה, בהן יעשן במסתר גרנו הישן. עד הותיר אלוהינו לפליטה גדולה גחלת לוחשת בערמת הדשן!" („המתמיד").

און אויך דער תלמוד איז אים טייער. אַ דור פון „כלו אגדה" געפעלט אים נישט. עס

דאַרף אויך זיין די „הלכה“, ווייל דער גאַנצער תלמוד איז „הלכה ואגדה“ צוזאַמען — זאָגט ער אין זיין אַרטיקל „הלכה ואגדה“. אמת, ער שרייבט אויך וועגן „מגדלי ושלשלת הכרכים“, ער שרייבט אויך וועגן „שירתנו הצעירה“ — אויך זיי ווידמעט ער אַרטיקלען, אָבער דער עיקר איז דער ג ע ד אַ נ ק, וועלכן ער באַזינגט אין זיין ליד צו זיין לערער, פון וועמען ער איז אַזוי פיל באַאיינפלוסט געוואָרן — „לאחד העם“. די הלכה, די יידישע הלכה, מוז געפינען איר פאַרזעצונג אין דער נייער העברעאישער ליטעראַטור.

דערפאַר וויינט ער טאַקע דעם ווייטיק פון אַלטן בית=מדרש. ער באַוויינט די „כתלי בית=המדרש“, און פרעגט זיי „למה כה תעמדו דומם וכנואשים תטו צללים שחורים, צללים נאלמים?“. ביאַליק, דער דיכטער, ווייסט, אַז דאָ איז דאָך פאַרבאָרגן דער „מחבא רוח איתן“, די „קירות=הקדשים“, וועלכע שטייען היינט פאַרהושכ׳ט, אין טיפן טרויער פאַרשוואַרצט. און דאָ רופט זיך אַרויס ביי אים מיט אַמאָל אַ שטורם פון פראָטעסט און רעוואָלט קעגן דער מאָדערנער קולטור, קעגן דער גוישער קולטור, צו וועלכער עס שטראָמען היינט יידישע יונגטלעכע — „ואומר: רב לי לשבוץ משטמה, קיקלון ובושת תחת אהבתי!“, גענוג ליבע האָבן מיר אָפּגעגעבן דער וועלט, און נאָר מיט האַס, שפּאָט און שאַנדע האָט מען אונז פאַר אונזער ליבשאַפט באַצאָלט. און דאָ קומט ער ווי אַ טרייסטביא צום פאָלק מיט זיין טרייסט=וואָרט און נחמה, געשריבן אין תנ״כישן סטיל: „לא תמוט, אוהל שם! עוד אבנך ונבנית! מערמות=עפרך אחיה הכתלים! עוד תבלה היכלות כאשר בלית ביום הרס רב, בנפול מגדלים!“ („על סף בית=המדרש“) — דאָס פאָלק וועט נאָך אויפשטעלן זיין בית=המדרש, און יענער וועט נאָך איבערלעבן, אַזוי ווי אַמאָל, אַנדערע פרעמדע פעסטונגען.

* * *

אָבער דער יידישער גייסט אין גלות קאָן זיך נישט פריי אַנטוויקלען. „כי גרשתני היום מהסתפח אל נחלת ה׳, לאמור: לך עבוד אלקים אחרים!“ — האָט געזאָגט דוד המלך, ווען ער איז געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן אר״י, ווייל דינען באמת דעם יידישן גייסט קאָן מען נאָר אויף דעם יידישן באָדן. דאָס לעבן אין גלות איז געגליכן צו „חיי כלב רעב אסור בשלשלת“ („כוכב נדח“). און דאָס יידישע געזאַנג אין גלות — וואָס פאַר אַ ווערט האָט עס? „כי מה שיר=ישראל בגולה — ציץ יבש, ציץ עולפה, שטל=אור את עליו לא ירטיב“ („שירת ישראל“). און כדי דאָס יידישע ליד זאָל געזונגען ווערן אין אַ פרייער אַטמאָספער, פריי פון פרעמדן דרוק און פון פרעמדע השפעות — דאַן מוז מען אים אַריבערפירן צו דעם אָרט, וו זיין שפּראַך איז אורשפּרינגלעך געבוירן געוואָרן.

* * *

און נישט נאָר דער יידישער גייסט, נאָר אויך דער יידישער כח וועט זיך קענען פריי אַנטוויקלען אין זיין היימאַט. אין גלות בעט מען „שמים, בקשו רחמים עלי ואם יש בכם אל, ולאל בכם נתיב, ואני לא מצאתיו“, דאָרט בעט מען „התלין, הא צוואר! — — ערפוני ככלב!“. דאָרט איז פאַראַן „די שחיטה=שטאָט“, די „בעיר ההרגה“. דאָרט שיקט גאָט דעם פרילינג און די שחיטה צוזאַמען — „כי קרא ה׳ לאביב ולטבח גם יחד: השמש זרחה, השיטה פרחה והשוחט שחט“. און מען קאָן רופן צום רעוואָלט אין גלות — „דבר אליהם וירעמו! ירימו נא אגרוף כנגדי ויתבעו את עלבונם!“, און עס העלפט נישט. דאָרט איז גרויס דער ווייטיק און גרויס די שאַנדע — „וגדיל הכאב מאד וגדולה מאוד הכלימה. ומה משניהם גדול — אמוד אתה, בן=אדם!“. אַזוי איז עס אין דער „עיר ההרגה“, אַזוי איז עס אין „על השחיטה“, אַזוי איז עס אין „אין זאת כי רבת צררתנו“. מעגן מיר אַפילו זיין נוסח „אם לחיתו=טרף הפכתנו“; און מעג אפילו זיין „הכוס מלאה“; און מעג אפילו זיין „זרוענו נאדרה“; און מעג אפילו זיין „אזרתנו עוז“; און מעגן מיר אפילו סטראַשען „ואוי לכם בקום הנקמה!“; און מעגן מיר אפילו זיך באַרימען: „אתנו מתי=

מעט, אך בנים המה למכבים!"; און מעג מ'זאָגאָר שרייבן די „משירי בר=כוכבא"; און מעגן מיר אפילו דעקלאַרירן „צבאנו קנאת=עם רוממה!"; און מעג דער דיכטער רופן און שטורמען דאָס פאָלק צו רעוואָלט; און מעג ער אים אפילו דערמאָנען, אַז זיי זיינען די „בני=בניהם של המכבים", די „גיבורי=האריות" — און עס העלפט פאָרט נישט, גלות בלייבט גלות.

וואָס זאָל דאָס פאָלק טאָן? — גיין אין די וועגן פון די „מתי=מדבר" און פון די „מתי מדבר האחרונים", אין די וועגן פון ציוניזם! זינגען זאָל דאָס פאָלק דעם „שיר עוזו ומרי", אויפשטיין זאָל דאָס פאָלק — „לחרבות! לרמחים! התאחדו! הימינו! על אף השמים וחמתם — הננו ועלינו! בסערה!". אַלע רופן צום פאָלק ער זאָל נעמען זיין גורל אין די אייגענע הענט. „האזינו! הסערה גם היא קוראת לנו: ההיגו! לחרבות! לרמחים יתפרקו הרים! ישתברו הגבעות! או יפלו פגרינו חמרים=חמרים — הננו ועלינו ההרה!" — נישט קוקן אויף גאָרנישט, זיך נישט רעכענען מיט גאָרנישט, רעוואָלטירן קעגן אַלץ און אַלעמען, ברעכן און צעברעכן, שטעכן און צעשטעכן אַלץ און אַלעמען, וואָס איז אויפן וועג, אָבער דער עיקר — די באַפרייאונג זאָל קומען.

דאָס איז ציוניזם, דאָס און נישט אַנדערש — קעמפן פאַר אַלץ און דערגרייכן אַלץ, און נאָר בסערת=מלחמה. און דער וועג איז אָדער=אָדער: אָדער מיר וועלן צעברעכן, אָדער מיר וועלן צעבראָכן ווערן; אָדער „יתפרקו הרים, ישתברו הגבעות", אָדער — „יפלו פגרינו חמרים=חמרים!".

איר הערט? וואָס איז עס אַזוינס? אָדער „יתפרקו הרים", אָדער „יפלו חללינו" — אַן אַנדער פאָרמולירונג פאַר „למות, או לכבוש את ההר"?!

יאָ, נאָר אַזוי קען דער „דור אחרון לשעבוד" אויך אויסרופן „וראשון לגאולה אנחנו!", ווייל נאָר אין דעם וועג פון „ידנו לבדה, ידנו החזקה" וועט מען אויך קענען זאָגן, אַז „את כובד=העול מעל גאון=צוארנו פרקה!" („מתי=מדבר"). און נאָר דאַן וועט מען אויך וויסן, אַז „ראש עמי אחר מה שגיא, מה כביר — — כי עם — זו תולעת עוד ישור ויכל ענקים" („על האגדה"), נאָר דאַן וועט דאָס פאָלק זיך קאָנען אויך מיט פעלקער פאַרמעסטן.

* * *

און כדי דאָס אַלץ זאָל רעאַליזירט ווערן, כדי די קולטור זאָל פריי קאָנען אָטעמען און כדי דער יידישער רעוואָלט זאָל געפינען זיין אויסדרוק, שרייבט ער זיין גרוס צום ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין 1897 אין באזעל: „איך עמכם קבצכם מפנות=הגולה, נאקתו המרה את כלכם והקימה" — זאָגט ער צו די „מציבי=הדלתות ומניחי=הטפחות", צו די דעלעגאַטן פון ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, די, וועלכע לייגן די „אבן הראשה" („מקראי=ציון"). און ביאליק רופט אַלעמען זיך אָנצושליסן אין די ציוניסטישע רייען — „לעזרת העם! לעזרת העם! — — במי? — אל תבדוקו! כל לבו ידבנו! מי צרת האומה בלבו נוגעת — המחנה יאסף, אל נא נבדילנו!" („למתנדבים בעם"). ער רופט אַלץ און אַלעמען, ער אונטערשיידט נישט צווישן קיינעם — יעדער ייד, יעדער איינער, איז געוווּנשן. ווייל ביאליקן פילט אוים דער גייסט פון נאַציאָנאַלער אחדות. אפילו דאָס ליד „ברכת עם" (אָדער ווי מען רופט אים „תחזקנה"), וועלכער איז געוואָרן אַ הימן פון איין קלאַס אין פאָלק, דריקט אוים דעם געדאַנק פון נאַציאָנאַלער קאָנסאָלידאַציע „תחזקנה ידי כל אחינו, המחוננים עפרות=ארצנו באשר הם שם — בואו שכם אחד לעזרת העם!".

אָבער דאָס פאָלק רופט זיך נישט אָפּ אַזוי שנעל אויפן רוף פון דיכטער. און דאָ קומט ביאַליק מיט זיין שטראָף=וואָרט. ווי אַ נביא=זעם און מוכיח: „חרקתי את שני על לבות=ערלים. „עם אובד, עם נבל, עם אובד" — לחשתי". און דער משורר ווערט אַ מקונן: „למוד שבט ושוט — האם יחוש כאב חרפת=נפש בצר — מלבד מדושת=הגו?". ביין, דאָס פאָלק וועט נישט דערוואַכן „אם לא יעירנו חשוט", דאָס פאָלק וועט זיך נישט אָפרופן „אם לא יקימנו השוד". און דער משורר וויל

דאָך האָפן, און מיט אַ פראַגע=צייכן באַגלייט ער זיין פעסטשטעלונג: „גם בתקוע השופר ובהנשא הנס — היתעורר המת, היזדעזע המת?“ דוכט זיך, אַז שוואַך זיינען די האָפנונגען, אָבער דאָך בלייבט דער פראַגע=צייכן — אפשר יא, אפשר וועט דאָך קומען צו אַ נאַציאָנאַלער תחית=המתים, צום יידישן נאַציאָנאַלן ריגעסאַנס, צו באַנייאונג און באַפרייאונג און אויפלעבונג, אפשר וועט דאָך דער שופר של משיח אויפוועקן דאָס טויטע פאָלק, אפשר וועט די נאַציאָנאַלע פאַן דאָך אים אויפמונטערן? („אכן, חציר העם“).

אָבער דאָך איז פארלויפיק געגוג, וואָס דער קאָנגרעס איז דאָ, ער איז אַז און פאַר זיך אַ היסטאָרישע דערשיינונג, זיין פאָרזעצונג וועט דאָך מוזן קומען — „אם פדות אין עמנו — עוד חי גואלנו, וקמה ובאה השעה הגדולה. ואחרון על עפר את קולכם יעלה, הראשון ליסוד המעלה“ („מקראי=ציון“). און די איינציקע באַשיידענע, וועלכע גייען אויפן שווערן ציוניסטישן וועג בענטשט דער פּאָעט אין די טיפענישן פון זיין נשמה: „יהי חלקי עמכם, ענוי=עולם, אלמי=נפש!“. ער ווינשט זיך צו זיין צווישן די „ממעטי=דברים ומרבי=תפארת“, צווישן די „צנועי=הגות ומרבי=עלילה“, צווישן די יעניקע טרוימער, וואָס זיינען „רוקמים בסתר חייהם“ („יהי חלקי עמכם!“).

* * *

ביאַליק בלייבט דער נאַציאָנאַלער דיכטער פון נעכטן, היינט און מאָרגן. און טראָץ דיעם, וואָס דער דיכטער קאָן זיך נישט גלייכן צום פירער, דערפילט ער דאָך זיין חוב פאַרן פאָלק מיט העם, וואָס ער דינט דעם אידעאַל פון מנהיג. און די אָ אויפגאַבע פון נאַציאָנאַלן דיכטער האָט ביאַליק, לכל הדעות, דערפילט. און אלס אַזאַ וועט ער בלייבן אין אונזער געשיכטע — אלס דער נאַציאָנאַלער משורר בה"א הידיעה.

„חנך לנער על פי דרכו, גם כי יזקין
לא יסור ממנה!“
(משלי כב׳, ו׳)

# שאול טשערניכאווסקי

געווען זיינען נאַציאָנאַלע מנהיגים, וואָס זיינען געקומען פון דער פרעמד אונז פון גלות=יאָך צו באַפרייען. געווען איז אָבער אויך אַ נאַציאָנאַלער דיכטער, וואָס איז געקומען פון דער פרעמד אונז פון דער גלות׳דיקער מענטאַליטעט אין דער ליטעראַרישער שאַפונג צו באַפרייען — מאַכן אַ סוף צום „הוי“, און מאַכן אַן אָנהויב פאַר די מאָטיוון פון גבורה.

אייניקער פון די נאַציאָנאַלע דיכטער, וואָס פון דער פרעמד זיינען זיי צו אונז געקומען, איז שאול טשערניכאווסקי.

* * *

ווער ס׳איז באַקאַנט מיט דער העבראַישער ליטעראַטור—דער ווייסט וועגן די דיסקוסיעס, וואָס האָבן שטענדיק אַרויסגערופן מיט זיך אירע פאַרשיידענע שטראָמונגען. די תקופה פון מיטלאַלטער — די תקופה פון דער העבראַישער ליטעראַטור אין גלות=שפּאַניען, דער „תור הזהב“ אין דער העבראַישער ליטעראַטור — איז געווען פול מיט דיסקוסיעס צווישן דונש בן=לברט און מנחם בן=סרוק וועגן דעם משקל פון יתד ותנועה וואָס עס האָט דאַן געהערשט אין דער ליטעראַטור. דער ערשטער איז געווען אַ חסיד פון דער שיטה; דער צווייטער איז געווען אַ קעגנער. אונטערן איינפלוס פון דער אַראַבישער ליטעראַטור, איז די שיטה געווען אָנגענומען, טראָץ דעם, וואָס זי האָט באַשווערט די העבראַישע שאַפונג. און געהערשט האָט זי, די שיטה, לאַנגע יאָרן. אַפילו אד״ם הכהן לעווענזאָן פון דער השכלה=עפּאָכע האָט איר נאָך פאַרטיידיקט.

די ערשטע שאַפונגען פון דער העבראַישער ליטעראַטור אין דער השכלה=עפּאָכע, ווען זי האָט זיך נאָך קאָנצענטרירט אין גאַליציען, זיינען נישט געווען קיין ליטעראַרישע שאַפונגען, ווי עס באַמערקט מיט רעכט לאַכאָווער, נאָר אַן אַגיטאַציע פאַר העם, אַז אַ נייער סטיל אין יידישן לעבן מוז געשאַפן ווערן. די שאַפונגען פון פערל און ערטער און זייערע חברים זיינען קריטיק אויף דעם ביז האַמאָלסטדיקן לעבנס=אַרט פון יידנטום. אָבער זיי אַנטהאַלטן נישט אין זיך דאָס וואָס מען קען באַצייכנען אַלס העבראַישע ליטעראַטור אין פּאָזיטיוון זין פון וואָרט.

אויך די פּאָרזעצער, ווי סמאָלענסקין און זיין גלייכן, האָבן נישט אַרויסגערופן קיין אינטערעס צוליב זייער שווערן סטיל, לאַנגע באַשרייבונגען, ווידערהאָלונגען, מליצות׳דיקע שפּראַך א.א.וו.

בקצור: די גאַנצע ליטעראַטור איז געווען אַ פּאָלעמישע. די פּאָעזיע — פּאָלעמיק, די פּראָזע — פּאָלעמיק, די פּובליציסטיק — אודאי.

* * *

ביאַליק ווערט באַטראַכט אַלס דער באַנייער פון דער העבראַישער פּאָעזיע, אַלס איר באַפרייער פון דעם השכלה=סטיל.

מיט דריי יאָר איז טשערניכאָווסקי געווען יינגער פון אים, און כמעט אין דער זעלבער צייט האָבן זיי אָנגעהויבן שרייבן. דאָך ווערט טשערניכאָווסקי באַטראַכט אַלס דער שעפער פון דער צווייטער עפּאָכע אין דער העבראַישער ליטעראַטור, אַלס דער נאָכפאָלגער פון ביאַליקן.

ביאַליק האָט קיין דיסקוסיעס נישט אַרויסגערופן; טשערניכאָווסקי האָט זיי יאָ אַרויס=

גערופן. ביאַליק איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ „נטע נעמנים“ אין דער העברעאישער ליטעראַטור; טשערניכאָווסקי — ווי אַ „נטע זר“. ביאַליק איז געווען פאַרשטענדלעך מיט זיין קרעכץ און זיפץ, מיט זיין „הוי“ און וויי־געשריי; טשערניכאָווסקי איז געווען אומפאַרשטענדלעך מיט זיין רוף צו נקמה, צו גבורה. ביאַליק איז געווען ליריש; טשערניכאָווסקי — פּלאַסטיש. ביאַליק איז געווען דער סוביעקטיווער שילדערער; טשערניכאָווסקי — דער אָביעקטיווער. ביאַליק האָט געזונגען וועגן דער נאַטור און באַזונגען זיין אייגענע נשמה; טשערניכאָווסקי האָט געזונגען וועגן נאַטור און איר אויך באַזונגען. ביאַליק איז געווען יידישלעך; טשערניכאָווסקי — וועלטלעך. ביאַליק האָט באַזונגען הימלישע אידייען; טשערניכאָווסקיס ליד איז דאָס ליד פון דעם לעבעדיקן מענטש אויף דער ערד. ביאַליק האָט געשריבן פאָלקס־לידער; טשערניכאָווסקי האָט גערעדט וועגן רעאַליטעטן. טשערניכאָווסקי איז געווען אין באַצוג צו ביאַליקן אין דער פּאָעזיע אַזוי ווי בערדיטשעווסקי לגבי אחד־העם אין דער העברעישער שאַפונג.

און דאָס פאָלק אין גלות האָט געזוכט דעם „הוי“ און נישט די גבורה, די ווייבערישע קלאָגעדיקע השתפכות־הנפש און נישט די אָביעקטיווע שילדערונג.

און אַזוי אַרום האָט מען דיסקוטירט וועגן טשערניכאָווסקי. אָבער אַ שנוי איז דאָ דאָך געווען אין דער פּאָלעמישער ליטעראַטור, מיט וועלכער אונזער פאָלק איז אַזוי רייך. אויב בן־סרוק און בן־לברט האָבן דיסקוטירט צווישן זיך; אויב די משכילים און די אָרטאָדאָקסן האָבן דיסקוטירט צווישן זיך — האָט אָבער טשערניכאָווסקי אין דער דיסקוסיע קיין אַנטייל נישט גענומען. ער איז זיך געגאַנגען זיין וועג. ער האָט אָבער אַרויסגערופן דיסקוסיעס אַרום זיך, דיסקוסיעס וועגן אים, אין וועלכע אַלע (אויסער אים) האָבן זיך באַטייליקט.

און ווייל ביאַליק איז געווען מער פאַרשטענדליך פאַר זיין דור; און ווייל טשערניכאָווסקי איז מער פאַרשטענדלעך פאַר אונזער דור — ווערט טשערניכאָווסקי באַטראַכט אלס נאָכפאָלגער פון ביאַליקן, אלס דער דיכטער פון צווייטן דור.

און ווייל ער איז דערשינען פון דער פרעמד מיט אַ גוייש־רעוואָלוציאָנערן שטורמיש־ברויזנדן גייסט אין דער ליטעראַטור פאַראַלעל צו אַ יידישן מנהיג, וועלכער איז אויך דערשינען פון דער פרעמד מיט אַ גוייש־רעוואָלוציאָנערן שטורמיש־ברויזנדן גייסט אין דער פּאָליטיק — איז ער טאַקע געבליבן געוואָרן דורך דעם אַ מנהיג, וועלכער איז געקומען אויף דער וועלט מיט פיר יאָר שפּעטער פון אים און וועלכער האָט פאַרלאָזן די וועלט מיט דריי יאָר פריער פון אים.

„שאול טשערניכאָווסקי איז פון אויבן באַשאָנקען געוואָרן מיט דער וווּנדערבאַרער מתּנה, וואָס לויט די רייד פון בערנאַרד שאָו — איז זוכה צו איר נאָר איינער פון צענדליקער מיליאָנען: דער כשרון פון נאָרמאַלן בליק. ער האָט אַ בליק געטאָן אויף דעם שפּל׳דיקן ייד, און האָט אַנטדעקט אין אים אוצרות פון „וווּלקאַנען“. ער האָט אַנטדעקט, אַז אויסער די פאַרשיידענע „בענקענישן“ — בענקענישן נאָך פראַכט, וואָס ער האָט איר נישט באַקומען — ברויזט אין בלוט פון דעם דאָזיקן נעבעכדיקן ייד אויך אַ רעאַלער און פּראַקטישער „אַפּעטיט“ נאָך אַ פּראַכט, וואָס איז מעגלעך צו דערגרייכן, און וואָס מען דאַרף דערגרייכן, און לאָמיר איר דערגרייכן!“ — דאָס זיינען די ווערטער פון זשאַבאָטינסקי וועגן טשערניכאָווסקיס דיכטונג.

* * *

שטורמיש און ברויזנד, לעבעדיק און לוסטיק — אַזוי איז ער געווען אין זיין אַרט לעבן און אין זיין אַרט שאַפן.

וועגן נאַטור און ליבע האָט ער געזונגען — „נצאה, נגורה שאננים“, „הערב“, „על החיים החדשים“, „על מלא רחב ים תכלת“, „אגדות האביב“, „שרטוטים“, „נאָקטורנאָ“, „פרחים לאחר קציר“, „כליל־סונטות“, „עוד תקר שירת אהבה“, „לו ידעתם על מה אהבתיה“,

„למרים“, „הבנטות הצל“, „הנאוה מדים לברג“ א.א.וו. א.א.וו.

יאָ, נאַטור און ליבע זיינען שיינקייט, און ער באַזינגט דאָך די שיינקייט. אָט שטייט ער „לנוכח פסל אפולו“. און ער באַגריסט דיזן גריכישן גאָט. ער זעט אין אים דעם יונגן גאט, דעם שטאַרקן, דעם לעבעדיקן, דעם שיינעם — דעם גאט פון גבורה. אַ זון פון אַן אַלטן און מידן פאָלק („זקן העם — אלוהיו זקנו עמו!“) לעכצט נאָך לעבן — „ואבוא אליך!“. און ער דערציילט פאַרוואָס ער איז געקומען: „באתי עדיך, מול פסלך אקודה, פסלך — סמל המאור בחיים! אקוד, אכרעה לטוב ולנעלה, לאשר הוא נשא במלוא כל העולם לאשר הוא נהדר במלוא כל הבריאה, לאשר יש מרומם בסוד־סודות היצירה. אכרע לחיים, לגבורה וליופי“. און יער ווייסט, אַז אַ מלחמה איז געווען צווישן דעם גאט פון ישראל און דעם גאט פון אַטען. יאָ, „באתי עדיך, — האם הכרתני? הנני היהודי: ריב לנו לעולמים!... — שחקים ורחב־ערבות הן קצרו מהשתרע בפרץ, המפריד תורת־אבותי מדת מעריציך“.

טשערניכאָווסקי רעדט וועגן דעם קאָלאָסאַלן תהום, וואָס הערשט צווישן אונזער אמונה און דער גריכישער. אָבער ער קאָנקרעטיזירט נישט דעם תהום. דאָרט איז געווען די אויסערלעכע שיינקייט, די סטאַטוע און דאָס בילד; און ביי אונז איז געווען די אינערלעכע שיינקייט, די שיינקייט פון דער נשמה — „לא תעשה לך כל פסל וכל תמונה!“. און מעגלעך, אַז צוליב דעם וואָס טשערניכאָווסקי איז געקומען זיך בוקן פאַר דער פרעמדער געטלעכקייט, פאַר דער אויסערלעכער שיינקייט, פאַר דעם העלעניזם — האָט מען אים באַטראַכט אַלס אַ „נטע זר“, אַלס אַ „העלעניסט“ אין דער העבּרעאישער ליטעראַטור.

פיל דיסקוסיעס און פיל קאמענטאַרן זיינען דערשינען אַרום דעם „לנוכח פסל אפולו“, אָבער אפשר איז ער דאָ געקומען באַזינגען די שיינקייט פון דער גבורה. ווייל יער, דער איידים פון אַ גריכישן דאָקטאָר, האָט דאָך איבערזעצט אין העברעאיש דווקא די עפּאפּייען פון גבורה אין דער גריכישער ליטעראַטור — „איליאַדע“ און „אָדיסעאַ“. ווייל צום סוף פון דעם „לנוכח פסל אפולו“ זאָגט ער דאָך אַליין אויף דיזן יידישן גאט, אַז ער איז דאָך פאַקטיש דער „אל אלוהי מדבריות הפלי“, דער „אל אלוהי כובשי־כנען בסערה“. נאָר וואָס? דער גלות האָט אים פאַרגלותט — „ויאסרוהו ברצועת של תפילין...“. און אפשר וויל ער, אַז אויך דער יידישער גאט זאָל צוריק כאַראַקטעריזירן נישט נאָר די תפילין, נאָר אויך, ובעיקר, די שיינקייט וואָס ליגט אין זיין אַמאָליקער גבורה.

* * *

סימבאָלן פון שיינקייט און גבורה זוכט ער אויך אין דער יידישער געשיכטע. אָט פיגורירט פאַר אונז דער ערשטער מלך, שאול, וועלכער איז פול מיט האַס צו דער גוייִשער וועלט און פול מיט ליבע צו זיינע יידישע רודפים. אָט איז ער, דער מלך שאול, אין טשערניכאָווסקיס „על הרי הגלבוע“, ווי ער דערמוטיקט זיינע זעלנער צו גיין אין קאמף קעגן דעם פיינט, ווייל דאָס איז אַ צייט אַן ערנסטע — „לא עת הנפש“. און ווען עס זאָגט אים דער אָנזאָגער: „כי נפל יונתן“, אַז זיין ליבער זון יהונתן איז געפאַלן אין שלאַכט — ווערט דער העלדישער מלך נישט נידערשלאָגן, און זאָגט: „עוד שנים לי בנים פה במערכה“ (איך האָב נאָך צוויי זין דא אויף דעם פראָנט). און ווען ער באַקומט די צווייטע ידיעה, אַז אויך דער צווייטער זון איז געפאַלן — „גם מת מלכישוע“ — דערמוטיקט ער ווייטער זיינע זעלנער: „כי נפל האחד, שם יפלו עוד שנים“ (דא איז געפאַלן איינער, אין פיינטלעכן לאַגער וועלן נאָך פאַלן צוויי). און ווען מען גיט אים איבער, אַז אויך דער דריטער זון איז מער נישטאָ — „כי מת אבינדב“ — זאָגט דער קעניג צום פאָלק: „נסיכים מנדבים נדבתם פי שלשה“ (פירשטן דאַרפן געבן אַ דריי פאַכיקן קרבן, ווי דורכשניטלעכע בירגער), און ער זאָגט צו די זעלנער: „על חרבך תפול ואל תפול בידיו!“ (פאַלן זאָלסטו אויף דיין אייגענעם שווערד, און נישט אין די הענט פון פיינט). און ווען

עס באַגליקט אים נישט, און ער קומט צו דער „בעלת=האוב“ אין עין=דור מיט דער ביטע זי זאָל אים אַרויסברענגען שמואל הנביא פון קבר. און ער טענה'ט צום נביא: „כליתי כל כוחי בסערות=מלחמה ואשרי בית כבר היה לשממה“. און דער נביא זאָגט אים אָן די ענדגילטיקע מפלה זיינע אויף דעם שלאַכט=פעלד — ווערט דער מלך בלייך, ווי עס שילדערט טשערניכאָווסקי אין דער באַלאַדע „בעין=דור“. אָבער „בלבו אין מורא“, זיין האַרץ ווייסט האָך נישט פון קיין שרעק. און אין „אנשי חיל חבל“, ווו טשערניכאָווסקי באַזינגט דעם געפאַלענעם קעניג, „שמגר לשלח לבו ולב בניו“, וועלכער איז געפאַלן ווי אַ לייב צוזאַמען מיט זיינע מיגנשן („ויפול כליש: הוא וכל אנשיו...“) — שילדערט ער אויך ווי אַזוי זיינע טרייע מענטשן פון יבש=גלעד האָבן אים באַערדיקט צוזאַמען מיט זיינע זין אָן קיין שום פאַראַד אין אַן אָרט, וואָס קיינער וועט אים נישט ווייסן — נישט אַ פרעמדער, נישט קיין ייד און אַפילו נישט דער דאָזיקער קנעכט פון דוד המלך'ס נייער דינאַסטיע — „זר לא יכירנו, אף לא בן=עמי, ואפילו עבד זה בית=הלחמי“ („אנשי חיל חבל“). אָבער צייטנווייז גייט אַראָפּ דער פאַרגעסענער קעניג פון די טויערן פון בית=שאן. ער זוכט זיין גבורה=שווערד קעגן זיין פאָלק, וואָס האָט אים פאַרביטערט דאָס לעבן. אָבער מיט אַמאָל ווערט דער קעמפער קעגן די גויישע פיינט צאַרט לגבי זיינע יידישע קעגנער, ווי דער דיכטער באַשרייבט עס אין „על חורבות בית=שן“. ער הערט אַן אינערלעכע שטימע: „הרף!“ — „סלחתי לכל שופכי=הדם! סלחתי כי בחסד אנקם!“ (איך בין מוחל אַלע בלוט=פאַרגיסער! איך בין מוחל, ווייל אין גענאַד וועט זיין מיין נקמה!). אַזוי באַשרייבט שאול טשערניכאָווסקי שאול דעם מלך אין פיר שאַפונגען („על הרי הגלבוע“, „בעין דור“, „אנשי חיל חבל“ און „על חורבות בית=שן“).

און אַזוי אויך שילדערט ער די גבורה פון יהודה המכבי אין „בליל=חנוכה“, די גבורה פון די קנאים אין „משירי=הגולים“. און אַזוי אויך באַזינגט ער די גבורה פון בר=כוכבא, וועמען דאָס פאָלק האָט גערופן „בר=כוזיבא“. בר=כוכבא וועט נאָך צוריק באַקומען זיין גלאַנץ אין דער געשיכטע, ווען דאָס פאָלק וועט זיך אויסהיילן פון זיין גלות=מענטאַליטעט — „אך אתה נפלת — ותהיה לבוז! ההם יוקירוך? אם המה, עדת=הנגסים הנמבזים — אם הם יעריצוך — עם שפל ולא עז?...“ אָבער קומען וועט נאָך אַ טאָג — „כי יתום ההור, הור=המדבר — ובאחרית=הימים, כי יקום העם, עם נקה מחלאת=הגלות — לך יהרד“, ווייל דאַן וועט דאָס פאָלק זיך פילן ווי „בני=חורים על אדמת=מטעם“ („לנוכח הים“).

גבורה קאָן זיך אַמאָל אויך פאַרענדיקן מיט טויט. אָבער נישט געפערלעך! מיר האָבן שוין פריער ציטירט דאָס וואָרט פון שאול המלך, לויט טשערניכאָווסקי, אין „על הרי הגלבוע“ — „על חרבך תפול ואל תפול בידיו!“. זיין „בין הרים“ פאַרענדיקט ער מיט דעם זאַץ „והמוות מלא הוד כל כך...“. נישט אומזיסט איבערזעצט ער היינעס „צוויי גרענאַדירע“ אין העבעראיש, כדי צו באַווייזן די שיינקייט פון טויט, ווען פרייהייט איז נישטאָ. און ווי ענלעך איז אין איר כאַראַקטער זיין באַלאַדע „האַחרון לבני קורימה“ צו „די צוויי גרענאַדירע“, ווו דער לעצטער איבערגעבליבענער שריד פון יידישן שבט קורימה, וועלכער איז פאַרניכטעט געוואָרן דורך מוחמד, וויל נישט לעבן, זיך ווינטשענדיק צו האָבן דעם זעלבן גורל ווי אַלע זיינע ברידער.

* * *

יידישע גבורה איז געווען אויך אין גלות. אמת, אַ גבורה פון יאוש, אָבער דאָך אַ גבורה. קורימה איז אַ יידישער שבט אין גלות=ישמעאל, אין אַראַביען. און זיין לעצטער שריד, בן=כאתא, האָט באַוויזן אַן אינערלעכע גבורה. אין דער גרויסער פּאָעמע „ברוך ממגנצה“ גיט איבער טשערניכאָווסקי אין פאָרם פון אַ מאָנאָלאָג די טראַגעדיע פון אַ ייד אין גלות. דער ייד ברוך פון מאַגענץ איז געצוווּנגען געוואָרן צו שעכטן זיינע צוויי טעכטער, נאָכער ווי זיין פרוי איז דערמאָר=

דעט געוואָרן דורך די דייטשע פאָגראָמטשיקעס פון מאַגענץ. אַלס נקמה פאַרברענט ער דעם קלויסטער, דאָס פייער נעמט אַרום די גאַנצע שטאָט. ער קומט צום קבר פון זיין פרוי און גיט איר איבער אַלץ וואָס ער האָט געטאָן. ער שילט די גוים מיט אַזוינע קללות, וואָס די העברעאישע ליטעראַטור ווייסט נישט זייער גלייכן. ער געפינט אָבער אַ טייל פון זיין באַפרידיקונג אין זיין נקמה־אַקט.

יידן האָבן אויך אַרויסגעוויזן גבורה אין זייער קאַמף פאַר פרעמדע פעלקער, פאַר פרעמדע לענדער. אין דער פאָעמע „בין המצרים“ שילדערט טשערניכאָווסקי די טראַגעדיע פון גלות — צוויי יידן וואָס קעמפן אין צוויי באַזונדערע לאַגערן איינער קעגן צווייטן, און ווערן דערהרגעט אין קאַמף פאַר פרעמדע.

יידן אין גלות האָבן אויך אַרויסגעוויזן גבורה פאַר פרעמדע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען, וועלכע וועלן דאָך נישט העלפן אונזער פאָלק. אַזוי שילדערט טשערניכאָווסקי די יידישע שילערין, רייזעלע, אין זיין אידיליע „לביבות מבושלות“. זי איז קעגן דעם לערער אין דער רוסישער גימנאַזיע. זי טאַנצט ווי אַן „עגל לומד“ נאָך דער מוזיק פון דער רעוואָלוציע. זי ווערט אַרעסטירט אין קאַמף פאַר פרעמדע אידעאַלן.

אָבער די יידישע מלחמה אין גלות, לויט טשערניכאָווסקי, איז דאָך מיצרער אַ פאַסיווע גבורה, ווי אַן אַקטיווע. אָט לייענען מיר דעם „הפעמונים“. די הײדאַמאַקן האָבן אויסגעראָטן אַ יידישע קהילה. זיי מיינען, אַז מער זיינען קיין יידן נישט פאַרבליבן. אָבער ביינאַכט קומט איינער פון די לו׳ צדיקים נסתרים. ער זאָגט „קדיש“ — און די גלאָקן פון קלויסטער ענטפערן „אמן“. אַזוי לאָזט דער יידישער גייסט נישט רוען די שלאָפענדע מערדער.

זיין ליד „זאת תהי נקמתנו“, וועלכער ווערט געשריבן נאָך די אוקראַאינישע פאָגראָמען אין יאָר תר״פ, איז דער אויסדרוק פאַר דער פאַסיווער נקמה. „אנחנו קטונו! אנחנו לא נעל עליכם בקרדומות!“. נאָר וואָס וועט זיין די יידישע נקמה אין גלות? אונזער פאַרגאָסן בלוט וועט אַריינדרינגען אין אייך און אייך פאַרסמען, ביז איר וועט זיך דערמאָרדן איינער דעם צווייטן, ביז איין ברודער וועט דערהרג׳נען דעם צווייטן, ביז אַ זון וועט רייסן דאָס באָרד פון זיין פאָטער, ביז אַ טאָכטער וועט אין צייט פון שכרות אַנטדעקן אירע זנות־טאַטן — און דאָס וועט זיין אונזער נקמה! און לאָמיר צוגעבן: דער נקמה־מאָטיוו איז דאָך אויך אַ פראָדוקט פון גבורה.

קורץ נאָך דעם שרייבט ער זיין פאָעמע „על הדם“, ווו ער שילט די אַלטע וועלט־רעפאָרמאַטאָרן, וועלכע זיינען נישט מער ווי „תלינים בקדושה“ — „וואר לעד שם מתקני העולם!“.

אין דער זעלבער פאָעמע פרעגט ער די פראַגע: „מתי קץ החזון?“ — די פראַגע, וואָס ער האָט שוין געהאַט געשטעלט מיט יאָרן צוריק אין איינעם פון זיינע גאָר ערשטע לידער „אנחות־כנור“. דאָרט פרעגט ער: „מה קץ החזון?“. ער בעט די וועלט זאָל אים ענטפערן ווען וועט קומען דער סוף צו די יידישע קרעכצענישן, וואָס ווערן געהערט דורך די יידישע פידל זייט גלות־בבל. און ער פרעגט נישט נאָר ווען עס וועלן זיך ענדיקן די קרעכצענישן, נאָר אויך ווי אַזוי זיי וועלן זיך ענדיקן — צו וועלן זיי זיך ענדיקן מיט דעם צוריקער פון פאָלק קיין אר״י, אָדער צי וועלן זיי, חלילה, זיך ענדיקן מיט זיין פולקאָמען אונטערגאַנג?

טשערניכאָווסקי אָבער גלויבט נישט, אַז דאָס פאָלק וועט אונטערגיין. אַפילו אין גלות, ווו די מענטשהייט איז פאַרדאָרבן, איז נאָך דאָ, ווי געזאָגט, די יידישע פאַסיווע נקמה.

די מענטשהייט איז פאַרדאָרבן, אָבער שטיינער און וועלף ראַטעווען דעם ייד פון דער אַכזריות׳דיקער מענטשהייט. אָט איז די באַלאַדע „קיר־הפלא אשר בורמיזה“. אָט מאַרשירן די פיינט מיט זייערע כלי־זין און פערד, און אָט גייט פאַרביי אַ שוואַכע יידישע פרוי אין וואָרמס, וועלכע איז באַדראָט

צום אונטערגאַנג דורך די ראָזיקע מאַרשירער. און מיט אַמאָל, ווען דעם מענטשנס האַרץ איז אַזכריות'דיק — קומט דער שטיין און ראַטעוועט — „ויחמול קיר, ונבקע חיש ותבוא שם האשה“ — אַ שטיינערנע וואַנט האָט זיך געעפנט און פאַרבאָרגן אין זיך די יידישע פרוי. אָדער אָט לעזן מיר אַ צווייטע פון די וואָרמסער באַלאַדעס, די „בלדת הזאב“. די יידן בלייבן פאַרוווּנדעט אין זייערע יסורים און ליאַכצן שוין נאָך דעם טויט. און דאַן קומט דער וואָלף און „ראַטעוועט“ זיי פון פיינלעכן לעבן, ער מאַכט אַ סוף צו זייערע ליידן. און דער גוסס'דיקער רב, ר' יוזפא, בענטשט דעם וואָלף און בעט, אַז די גאַנצע מענטשהייט זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין וועלף, ווייל דער מענטש איז ערגער פון וואָלף. דאָס איז די נקמה פון קללות, אַ נקמה און אַ גבורה פון שפּאָט און ווערטער, אַ גבורה און אַ נקמה פון „תמות נפשי עם פלשתים!“ מיט דעם אונטערשייד וואָס נישט איך אַליין ברענג צום טויט פון מיין פיינט.

* * *

אָבער דאָך וועט דאָס פאָלק לעבן. אָט שילדערט ער אין זיין גרויסער פּאָעמע „עמא דדהבא“ דאָס לעבן פון די ביניען. צוו. אגד. זאָגט ער, אַז מיט מיליאָנען יאָרן צוריק זייבען געווען גרויסע ריזן-חיות און זיי זיינען אַלע פאַרניכטעט געוואָרן. און אין אחרית-הימים וועט פאָרקומען אַזאַ מין מלחמת-גוג ומגוג, און די איבערגעבליבענע גרויסע וועלן אַליין פאַרניכטן איינער דעם צווייטן. און בלייבן וועלן נאָר דער „אדם-דבורה“, אָדער דער „אדם-נמלה“. און ווען נאָר די קליינע וועלן בלייבן — וועט אויך דאָס יידישע פאָלק קענען פריי לעבן.

מעגלעך, אַז קומען וועט נאָך אַ טאָג, ווען „ישאו שלום אז וברכה לאום מלאום“; ווען אויך דאָס יידישע פאָלק וועט קאָנען זינגען דעם „עוד אאמין גם באדם“; ווען אַ נייער דיכטער וועט אויפשטיין נאָך טשערניכאָווסקים טויט און וועט באַזינגען די שיינקייט און די הערלעכקייט. אָבער פאַרלויפיק איז דאָס נאָך אַלץ בבחינת אַ חלום, נוסח „שחקי על החלומות“ אין זיין ליד „אני מאמין“.

יאָ, דערווייל איז נאָך די צייט פאַר שלום נישט געקומען. און אויב דאָס יידישע פאָלק וויל פאַרזיכערן זיין צוקונפט — טאָ זאָל יער נעמען אַ מוסר-השכל פון דער באַלאַדע „המשן“, ווי אַ גרעזעלע פון פאָטערלאַנד דערמאָנט דעם אין דרום-רוסלאַנד געבוירענעם זון ער זאָל זיך צו זיין היימאַט צוריקערן. וויל דאָס פאָלק לעבן — טאָ זאָל ער זינגען צוזאַמען מיט טשערניכאָווסקין דעם „שאו נס ציונה!“.

אָבער זינגען ווי אַזוי? — „שאו נס ציונה ותכון ממלכה!“ — אַ מלוכה מוזן מיר אין ציון אויפשטעלן זינגט דער דיכטער אין דעם יאָר פון ערשטן באזעלער קאָנגרעס, 1897. און ווי אַזוי וועט די מלוכה אויפגעשטעלט ווערן? — אויך אויף דעם ענטפערט דער דיכטער אין דעם זעלבן ליד: „שאו נס ציונה, גבורי יהודה!“, דורך גבורה און מלחמה וועט אויפגעשטעלט ווערן די מלוכה.

און אין זעלבן יאָר שרייבט ער זיין „שירערש“: „עברי הנך בני: אך זהו אשרך גם אסונך!“. פאַל נישט אין יאוש, יידיש קינד: „אל תוואש, אסיר-תקווה: עוד שמשנו יעל“. און ווי אַזוי וועט נאָך שיינען אונזער זון?— אָט אַזוי וועט זי שיינען: ביים ירדן און אין שרון זיצן אַראַבער, און אונז וועט דאָס לאַנד געהערן — „לנו זאת הארץ תהיה — גם אתה בבונים!“. מיט רעכט באַמערקט פּראָפּ. קלויזנער, אַז דער ענגלישער בייראָן האָט נאָך אין זיינע „יידישע מעלאָדיעס“ זיך באַקלאָגט איבער דעם וואָס אַראַבער זיצן אין אר"י. אָבער בעת בייראָן בעט ביי גאָט ער זאָל באַשיצן זיין פאָלק — ווענדעט זיך טשערניכאָווסקי צום יידישן יונגטלעכן: „את כלי-זנך בגבורים — כי שמשנו יעל!“.

אַזוי רופט ער טאַקע צום פאָלק אין זיין „מנגינה לי“, נאָכער ווי ער באַזינגט דאָס קאָכעדיקע בלוט פון די גבורים און קדושים אין אַלע דורות — „כבשו ארץ בחזקת-יד ונאחזתם בה!“. אַזוי באַזינגט ער דעם קאָלעקטיוון יהודה המכבי פון אונזער דור: „כל

ישראל קדושים, אתה המכבי!" („אומרים ישנה ארץ...“). אַזוי באַזינגט ער די פאַרשיי־דענע מענטשלעכע לידער — די לידער פון נויט און פון ליבשאַפט און פון בענקשאַפט, די לידער פון פּויער און די לידער פון פּאַ־לאַץ — אָבער שענער פון אַלץ איז דאָס ליד פון דעם הערשער, „שירת האיש רד בארץ“. („שירי־האדם“).

שפּעטער זעט ער מאַקע אין אר"י אַ דור, וואָס שטייט אויף דער וואַך בעת די אומרוען, און ער שרייבט אין 1936 זיין „במשמר“. ער שרייבט זיין בוך לידער „ראי אדמה" — זאָל די ערד זען, וואָס מיר זייען אין איר — נישט קיין תבואה, נאָר קערפּערס פון אונזע־רע יונגטלעכע. דאָס פאָלק טרינקט זיך אין בלוט, און דאָך זינגט דאָס לאַנד דעם פריי־הייטס־געזאַנג.

אָבער אויך אין אר"י איז נישט אַלץ אין אָרדנונג. די אָפּיציעלע פירערשאַפט פּרוּ־דיקט „הבלגה“. און ער, דער ייד מיט דעם גויישן שׂכל, קאָן עס נישט באַגרייפן. ער רופט דאָן צו נקמה. ער שרייבט אין יענע טעג זיין סאַטירישע פּאָעמע קעגן דער הב־לגה און פאַר דער הגבה א.ג. „נקמת־דינה“. דאָס פאָלק איז גרייט אָנצונעמען, לויט דער אָנווייזונג פון זיינע מנהיגים, די חלוקה. און משערניכאָווסקי טרעט אַרויס קעגן חלוקה מיט זיין סאַטירישן ליד „סבתא כך היתה אומרת“.

* * *

אַזוי האָט געלעבט דער דיכטער שאול משערניכאָווסקי. נישט ווי אַ פרעמדלינג אין דער העברעאישער ליטעראַטור, נאָר ווי אַ דערמוטיקער פאַר דער באַגייסטער יידישער גבורה. אַזוי האָט ער געבראַכט ביישפּילן פון העראָאישע געשטאַלטן ביי די אומות־העולם און ביישפּילן פון העראָאיזם אין אונזער איי־גענער יידישער געשיכטע.

געבוירן אין קרים. נישט געלערנט אין קיי־נע הדרים און ישיבות. שטודירט אין היידעל־בערג און לאָזאַנא. געווען אַ דאָקטאָר מעדי־צין. זייט 1931 וווינט ער אין אר"י. זיינע לעצטע יאָרן איז זיין עקאָנאָמישע לאַ־גע נישט געווען קיין צו גוטע. דאָך איז ער געווען פרייליך פון נאַטור. שטענדיק קאַמפס־לוסטיק.

אַזוי אין זיין לעבן און אַזוי אויך אין זיין שאַפונג. אַלץ איז שטורמיש און ברויזנד. נישט נאָר זיינע באַלאַדעס און פּאָעמעס, נאָר אויך זיינע אידיליעס זיינען זאַגאַר שטורמי־שע. נאָר דער דאָרף און די נאַטור ווערן גע־שילדערט אין רואיקע פאַרבן אין זיינע אי־דיליעס. אָבער די העלדן זיינען אויך דאָרט שטורמישע, ברויזנדע, רעוואָלוציאָנער־גע־שטימטע.

היינט איז ער שוין נישטאָ. דעם ערשטן טאָג סוכות ה'תש"ד (14.10.1943) שטאַרבט דער דיכטער אין תל־אביב אין עלטער פון 67 יאָר. היינט אָבער האָבן מיר שוין די יידי־שע מדינה צוזאַמען מיט דער יידישער גבו־רה. אָבער ער זעט איר נישט. דער באַזינגער פון אונזער גבורה איז אַוועק פריער ווי די גבורה האָט זיך אַנטפּלעקט אין אַלע פּאַ־טריאָטישע שיכטן פון ישוב.

משערניכאָווסקי דער מענטש איז טויט; משערניכאָווסקי דער דיכטער לעבט אין דער היינטיקער אר"י. ביז איצט איז געווען די קרוין פון תורה אין אר"י. היינט איז דאָרט

דאָ די קרוין פון גבורה. מאָרגן וועט קומען די סינטעזע, וועלכע וועט אַרומנעמען די תורה און די גבורה צוזאַמען — די קרוין פון שיינקייט.

ווייל אַזוי באַזינגט דאָך דער דיכטער דעם תנא רבי שמעון בן־לקיש אין זיין באַלאַדע „שלשה כתרים“: שיין איז דער כתר פון גבורה, שיין איז דער כתר פון תורה, אָבער שענער פון אַלץ איז דער כתר של גוי, דער כתר וואָס פאַראייניקט די צוויי אייגנשאַפטן צוזאַמען, דער כתר פון ריש לקיש, דער כתר פון שיינקייט.

„בכוח וגבורה לך נפלו חבלים, קנה לך תו־רה בצער וחבלים, קונה השנים לו יופי וגוי“ — זאָגט ר' יוחנן צו ריש לקיש בעת זייער באַגעגעניש אין טייך.

ווייל „שבח לכתרה של גבורה בעולם, תהי־לה לכתר תורה לעולם! וכתר של יופי מי יערך לו?“.

מאָרגן, נאָכן נצחון, וועט דער יידישער העלד אין ישראל אויך אויסבילדן זיין יידישן מוח. דעם כתר פון שיינקייט וועט ער אויך באַקומען צוזאַמען מיט די כתרים פון גבורה און תורה — די העכלעכע סינטעזע פון הער־לעכן פאָלק.

M. HALPERIN

# SPIRITUAL LEADERS

## CONTENTS:



---


**Published under the license of "UNSER WELT" (OUR WORLD).**
**Authorization No. UNDP 242, dated 1 January 1949.**